אי. טרײַנינ

# די סאָוועטישע סאָציאליסטישע פילנאציאָנאלע מעלוכע



אָגיז
מעלוכע־פארלאג „דער עמעס“ 1941
מאָסקווע

ISBN:0-657-12401-X

8410
17

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

אי. טרײַנין

# די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע פילנאַציאָנאַלע מעלוכע

אָגיז

מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס", מאָסקווע 1941

יִדיש — ב. קאָטיק.

צוגעגרייט צום דרוק דורך דעם רעכט=אינסטיטוט
פון דער וויסנשאַפט=אַקאַדעמיע פון פססר

# אינהאלט



---

И. Трайнин. Советское Социалистическое многонациональное государство.
(На еврейском языке)

Редактор перевода М. Шнайдер

Подписано к печати 4/IV 1941 г. А-35032. Тираж 10.000 экз. 2,75 печ. лист. 67,4 тыс. зн. в печ. листе. 4,6 уч. изд. л. Заказ № 149
Цена 75 к.

17-я ф-ка нац. книги Огиза РСФСР треста «Полиграфкнига».
Москва, Шлюзовая наб., 10.

## די צארישע אימפעריע — א פעלקער־טורמע

אונדזער לאנד האָט ביזן זיג פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע געהייסן רוסלענדישע אימפעריע. געהערשט האָבן דעמלט אינעם לאנד די פריצים און קאפיטאליסטן בעראָש מיטן צאר. אין די ראנד־געביטן, ווו עס האָט געוווינט א גרויסע צאָל ניט־רוסישע נאציאָנאליטעטן, האָבן די הערשנדיקע קלאסן דורכגעפירט זייער עקספלואַ־טאטאָרישע פאָליטיק באזונדערס גראָב און אומפארשעמט. די פראָטעסטן פון די נאציאָנאליטעטן קעגן דעם יאָך פונעם צאריזם, פון די פריצים און קאפיטאליסטן פלעגן אונטערדריקט ווערן מיט גרוים אכזאָריעס.

אין קאמף קעגן דעם ארבעטער־קלאס און קעגן דער נאציאָנאלער באַ־פרייונג־באוועגונג האָט זיך די צארישע רעגירונג ניט אָפּגעשטעלט פאר קיין שום מיטלען. די צארישע רעגירונג האָט געשטרעבט אָפּצווענדן פון זיך דעם צאָרן פון פאָלק און שטערן דער פאראייניקונג פון די רעוואָליו־ציאָנערע קרעפטן. דעריבער האָט זי פאנאנדערגעבלאָזן ראסעווע און נאַ־ציאָנאלע סינע, פּראָוואָצירט שכיטעס צווישן טיורקן און ארמענער, צווישן אוזבעקן און טורקמענער, אָרגאניזירט יידישע פּאָגראָמען אאוו.

דער צארישער אימפעריע האָט לענין א נאָמען געגעבן „פעלקער־טור־מע". די היטער פון דער דאָזיקער טורמע זיינען געווען די טשינאָווניקעס פונעם צארישן מיליטעריש־פּאָליציייִשן אפאראט. דער צאריזם האָט זיך געשטיצט אָפּ די עקספלואטאטאָרישע קלאסן און האָט די פעלקער פון רוס־לאנד אכזאָריעסדיק אונטערדריקט. דעריבער טאקע האָבן די אלע, וואָס האָבן געקעמפט קעגן צאריזם און קלאסן־עקספלואטאציע, גלייכצייטיק גע־קעמפט אויך קעגן נאציאָנאלן יאָך.

די צארישע רעגירונג האָט אונטערדריקט די פאָלקסמאסן ניט נאָר פּאָליטיש, נאָר אויך עקאָנאָמיש. זי האָט פארורטיילט די ברייטע מאסן פון די נאַציאָנאַליטעטן צו דאלעס און רויִנירונג.

די קאָלאָניזירונג פון די ראנד-געביטן פונעם לאנד, ביפראט פון די מיזרעכדיקע ראנד-געביטן, האָט געבראכט דערצו, אז די גרונט-באפעלקע-רונג האָט געמוזט פארלאָזן די איינגעזעסענע ערטער און זיך באזעצן אף ערגערער ערד. אין באשקיריע, אין קרים, אף קאווקאז, אין מיטל-אזיע און אין אנדערע נאַציאָנאַלע ראיאָנען פלעגט מען די גרונט-באפעלקערונג מיט געוואלט ארויפטרייבן פון דער ערד. די אלטגעזעסענע איינוווינער זיינען גע-צוווּנגען געווען אוועק אין די בערג און אין אנדערע ניט באוווינטע ערטער. די בעסטע ערד האָבן באקומען די קאָלאָניזאטאָרן. די צארישע רעגירונג האָט געוואָלט, אז דער ערדלאָזער און קנאפּ-ערדיקער רוסישער פּויער זאָל זיך ניט פארקוקן אף דער פריצישער ערד בא זיך אין דער היים, און זי האָט געזוכט צו שאפן פאר זיך אין די ראנד-געביטן אן אָנשפּאר פון רוסישע באלעגופים, קעדיי צו קענען פארווירקלעכן אירע קאָלאָניזאטאָרישע פּלענער.

צווישן דער באפעלקערונג פון די ראנד-געביטן האָט געהערשט דאלעס און הונגער, קיין מעדיצינישע באדינונג איז ניט געווען, מאכמעס דעם זיינען דאָרט געווען שטארק פארשפּרייט פארשיידענע סאָציאַלע קרענק (טובערקוליאָז, טראכאָמע, סיפילים אא.). גאנצע פעלקערשאפטן פלעגן אויסשטארבן.

מע האָט אויך געזוכט קינסטלעך צו פארהאמעווען די ווירטשאפטלעכע אנטוויקלונג פון די ראנד-געביטן. די צארישע רעגירונג האָט דאָרט ניט דערלויבט בויען קיין אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. די ראנד-געביטן האָבן געזאָלט בלייבן בלויז אָפּזאץ-מערק און קוואלן פון קאָלאָניאַל רוי-ווארג פאר דער אינדוסטריע פונעם צענטער. מאכמעס דעם טאקע איז אין די ראנד-געביטן, באזונדערס אין די מיזרעכדיקע (מיט זעלטענע אויסנא-מען), געווען א קליינער פּראָלעטאריאט און עס זיינען קימאט ניט געווען קיין קוואליפיצירטע קאדרן.

צום פּאָליטישן און עקאָנאָמישן יאָך איז נאָך צוגעקומען דער קולטור-רעלער יאָך. ער האָט זיך אויסגעדריקט אין צוואנגס-רוסיפיקאציע, אין [illegible]טערדריקן די נאַציאָנאַלע קולטור. די מערהייט באפעלקערונג פון די

ראנד-געביטנ איז געווענ אנאלפאבעטיש, אונ א סאכ פעלקער האָבנ אפילע קיינ אייגענע שריפט ניט געהאט.

אינ קאמפ קעגנ דער רעוואָליוציִאָנערער באוועגונג האָט זיכ די צארישע רעגירונג אָנגעשפארט ניט נאָר אפ דער פאָליציי אונ זשאנדארמעריע, נאָר אויכ אפ די קלייקווידעש. זי האָט געזוענ מיט געוואלט איינצופלאנצנ דעם פראוואָסלאוונעם גלויבנ צווישנ די פעלקער פונ די ראנד-געביטנ. דאָס האָט ארויסגערופנ א ווידערשטאנד מיצאד די ברייטע מאסנ פונ די ניט-רוסישע נאציִאָנאליטעטנ. די קלייקווידעש ווידער פונ אלע רעליגיעס האָבנ אויסגענוצט די רעליגיעזע פאָרורטיילנ פונ די אָפגעשטאנענע מאסנ, קעדיי צו פארשטארקנ דעם האס אונ די קאָנפליקטנ צווישנ די פעלקער.

קעדיי נאָכ מער צו פארשקלאפנ די נאציִאָנאליטעטנ פונ רוסלאנד, האָט די צארישע רעגירונג ניט איינ מאָל געמאכט האנאָכעס דעם נאציִאָנאלנ קלייקווידעש. לאָמיר נעמענ, אשטייגער, אזא פאקט. די צארישע רעגירונג, וואָס פלעגט פארווערנ ארויסלאָזנ וועלטלעכע ביכער אפ אוקראיִניש, האָט אינ אפרעל 1905 י., בייסנ אופשטייג פונ דער רעוואָליוציִאָנערער באוועגונג, באשלאָסנ: „אָפשאפנ די באשרענקונגס-מיטלענ, וואָס זיינענ איינגעשטעלט פאר ארויסגעבנ די ביבל אפ מאלאָראָסיש, דערביי אָבער דארפ אפ יעדער אויסגאבע באקומענ ווערנ די בראָכע פונעם הייליקנ סינאָד“[1].

די אנטוויקלונג פונ די קאפיטאליסטישע פארהעלטענישנ האָט ביסלעכווייז געשאפנ אינ די ראנד-געביטנ אנ אייגענע אָרטיקע ערדבאזיצערישע אונ האנדלס-וווּכערישע בורזשואזיע. אזוי האָט זיכ געשאפנ די צווייפאכע עקספלואטאציע פונ די ברייטע ארבעטנדיקע מאסנ. פונ איינ זייט, האָט אפ די ארבעטנדיקע פונ די נאציִאָנאליטעטנ געדריקט דער גרויסמעכטישער אונ אימפעריִאליסטישער יאָכ פונ די רוסישע פריצים אונ בורזשואזיע, וואָס זייערע אינטערעסנ פלעגט אזוי פלייסיק אָפהיטנ די צארישע רעגירונג אונ אירע אגענטנ אפ די ערטער. פונ דער אנדערער זייט, האָבנ אפ זיי געדריקט זייערע „אייגענע“ עקספלואטאָרנ: די בייענ, מאנאפנ אונ וווּכערניקעס אינ מיטל-אזיע אונ קאזאכסטאנ, די פירשטנ אונ פריצים אפ צאָפנ-קאווקאז אונ אינ טראנסקאווקאז, די פריצים אונ קאפיטאליסטנ

[1] געזעצנ-זאמלונג, נומ. 58, 8 אפרעל 1905 י., ז. 488.

אין פוילן און אין אוקראינע, די באראָנען אין דער באַלטיק אאַז. די אינ־טערעסן פון די דאָזיקע „אייגענע“ עקספּלואַטאַטאָרן האָבן זיך איבערגע־פלאָכטן מיט די אינטערעסן פון די רוסישע פּריצים און בורזשואַזיע. אַפ די זעלבע עקספּלואַטאַטאָרישע שיכטן האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויך דער צאַריזם באַם אונטערדריקן די פעלקער פון די ראַנד־געביטן.

די געשיכטע פונעם צאַרישן רוסלאַנד איז פול מיט אופשטאַנדן פון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן קעגן דעם באַרבאַרישן יאָך. די ברייטע מאַסן זייערע פלעגן זיך גאַנץ אָפט פאַרייניקן צו די אופשטאַנדן פון די רוסישע פּויערים קעגן דעם צאַר און די פּריצים. אַזוי איז געווען, לע־מאָשל, בײַם די פּויערים־אופשטאַנדן פון ראַזינען אין XVII יאָרהונדערט און פון פּוגאַטשאָוון אין XVIII יאָרהונדערט. די טאָטערן, באַשקירן, טשוּוואַשן, קאַזאַכן און אַנדערע טראַנסוואָלגער פעלקער האָבן גענומען אין די דאָזיקע און אין די שפּעטערדיקע אופשטאַנדן אַ ביז גאָר אַקטיווע אָנטייל.

דער קאַמף פונעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס קעגן דעם צאַריזם האָט געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין די ראַנד־געביטן. האַנט בײַ האַנט מיטן רוסישן פּראָלעטאַריאַט זײַנען די אַרבעטנדיקע מאַסן פון די נאַציאָנאַלע ראַנד־געביטן אין דער רעוואָליוציע פון 1905 י. אַרויסגעטראָטן קעגן דעם צאַריזם, קעגן די פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, קעגן נאַציאָנאַלער העצע און פּאָגראָמען. פאַרהאַרטעוועט אין די קלאַסן־שלאַכטן, דערצויגן און אָנ־געפירט דורך דער פּאַרטיי פון לענין—סטאַלין, האָט דער רוסישער פּראָ־לעטאַריאַט באַהעפט אַרום זיך די אַרבעטנדיקע פון די אונטערדריקטע נאַ־ציאָנאַליטעטן און האָט זיי געפירט שטורמעווען דעם צאַריזם, די גאַנצע סיסטעם פון עקספּלואַטאַציע און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג.

די רעפּרעסיעס קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג און קעגן דער נאַציאָ־נאַלער באַפרײַונג־באַוועגונג האָבן זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט נאָך דעם, ווי עס איז דערשטיקט געוואָרן די רעוואָליוציע פון 1905 י. די רעגירונג האָט זיך נוקעם געווען אין די נאַציאָנאַליטעטן פאַר זייער אָנטייל אין דער רע־וואָליוציע, פאַרן מיטגעפיל און סימפּאַטיע צום אַרבעטער־קלאַס. די רעגי־רונג האָט צוגענומען בײַ די נאַציאָנאַליטעטן פון די ראַנד־געביטן דאָס לעצטע ביסל פּאָליטישע רעכט. אינעם צאַרישן געזעץ פון 5 יונ 1907 י.,

וואָס האָט שטאַרק באַשרענקט די וואַלרעכט פונ די ארבעטער אונ פּויערימ, איז אויכ געשטאַנענ:

„די מעלוכע=דומע, וואָס איז געשאַפֿנ געוואָרנ אפ צו באַהפֿעסטיקנ די רוסלענדישע מעלוכע, דאַרפ זײַנ א רוסישע לויטנ גײַסט. די אנדערע פֿעלקערשאַפֿטנ, וואָס גייענ ארײַנ אינ באַשטאַנד פונ אונדזער מעלוכע, דאַרפֿנ האָבנ פֿאָרשטייער פונ זייערע באַדערפֿענישנ, נאָר דאַרפֿנ ניט אונ וועלנ ניט זײַנ אינ אזא צאָל, וואָס זאָל זיי געבנ א מעגלעכקײַט צו זײַנ די דייע=זאָגער אינ ריינ רוסישע אָנגעלעגנהײַטנ. אינ די ראַנד=געביטנ ווידער פונ דער מעלוכע, וווּ די באַפֿעלקערונג האָט נאָכ ניט דערגרייכט ביז א גענוגנדיקער אנטוויקלונג פונ בירגערלעכקײַט, דאַרפֿנ די וואַלנ אינ דער מעלוכע=דומע צײַטווײַליק אָפּגעשטעלט ווערנ“.

אפֿנ גרונט פונ דעמ דאָזיקנ געזעצ איז צוגענומענ געוואָרנ דאָס וואַלרעכט בא די פֿילצאָליקע פֿעלקער פונ מיטל=אזיע, קאַזאַכסטאַנ, יאַקוטיע אאַוו. אפ דער הישטאַדלעס, אז מע זאָל געבנ וואַלרעכט דער באַפֿעלקערונג פונ קאַזאַכסטאַנ, האָט דער צאַרישער מיניסטער געענטפֿערט די פֿאָרשטייער פונ קאַזאַכסטאַנ, אז „די פֿאַרשיידנשטאַמיקע באַפֿעלקערונג“ פונ די קאַזאַכישע געגנטנ „קאָנ מענ נאָכ איצט ניט האַלטנ פֿאַר גענוג צוגעגרייט“.

וואָס מער עס האָט זיכ דערנענטערט די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע, אַלצ רעאַקציאָנערער אונ שאָוויניסטישער איז געוואָרנ די פּאָליטיק פונעמ צאַריזמ. אפֿנ אופֿשטײַג פונ דער ארבעטער=באַוועגונג אינ די יאָרנ 1910—1912 האָט די רעגירונג געענטפֿערט מיט פֿאַרשטאַרקטע רעפּרעסיעס, מיט דער ראָצכישער צעשיסונג פונ די ארבעטער אפ דער לענע דעמ 4 (17) אפּרעל 1912 י. אונ מיטנ פּראָוואָקאַציאָנעלנ ביילִיס=פּראָצעס[1], וואָס דער מיינ איז דערבײַ געווענ ארויסרופֿנ א נײַע כוואַליע פּאָגראָמענ אינ לאַנד.

די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע פונ די יאָרנ 1914—1918 האָט נאָכ מער פֿאַרשאַרפֿט די נאַציאָנאַלע פֿראַגע. די טאַלאַנטלאָזע מיליטערישע אָנפֿירונג האָט אָפֿטמאָל ארופֿגעוואָרפֿנ איר שולד פֿאַר די מאַפּאָלעס אפֿנ פֿראָנט אפ די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטנ פונ דעמ בײַפֿראָנט=געביט.

[1] דער פּראָצעס וועגנ דער פֿאַלשער באַשולדיקונג פונעמ ייִד ביילִיס, אז ער האָט דערהאַרגעט א קריסטלעכ ייִנגל צוליב ריטועלע צוועקנ.

אינעם גאנצנ לאַנד האָט זיכ פאַרשטאַרקט דער פּאָליציייִשער טעראָר קעגנ די פעלקערשאַפטנ, וואָס האָבנ באַפעלקערט די נאַציאָנאַלע ראַנד־געביטנ. אינ 1916 י. האָט די צארישע רעגירונג זיכ בלוטיק צערעכנט מיט דער אופגעשטאַנענער קאַזאַכישער באַפעלקערונג. דער דאָזיקער אופשטאַנד האָט ארויסגערופנ א מערכטיקנ אָפּקלאַנג צווישנ די פעלקער פונ מיטל־אַזיע אונ טראַנסוואָלגע אונ האָט דערוועקט בא די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטנ נאָכ מער האַס צום צאַריזם.

די צײַטווײַליקע בורזשואַזע רעגירונג, וואָס איז געשאַפנ געוואָרנ נאָכ דער פעווראַל־רעוואָליוציע פונ 1917 י., האָט ניט פאַרניכטעט אונ האָט ניט געקענט פאַרניכטנ די פאַרשקלאַפונג אונ די אומגלײַכקײַט פונ די נאַציעס. די באַזע פונ דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג — דער קאַפּיטאַליזם — איז געבליבנ ניט גערירט. די צײַטווײַליקע רעגירונג האָט בלויז געענדערט די פאָרמענ פונ נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, געמאַכט זיי ראַפינירטער. אזא פּאָליטיק האָט געשאַפנ א ריי שאַרפע קאָנפליקטנ מיט פינ־לאַנד אונ אוקראַינע. פאָרזעצנדיק די פּאָליטיק פונעם צאַריזם, האָט די צײַטווײַליקע רעגירונג געשטרעבט צו דעראָבערנ נײַע טעריטאָריעס אונ באַגלײַכ דערמיט אויכ באַצווינגענ נײַע פעלקער.

די פּאָליטיק פונ דער צײַטווײַליקער רעגירונג האָט ארויסגערופנ נאָכ א מערכטיקערנ אופשטײַג פונעם נאַציאָנאַלנ באַפרײַונגס־קאַמפ. דעם דאָזיקנ נײַעם אופשטײַג האָבנ געשטרעבט אויסצונוצנ אינ זייערע אינטערעסנ די בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטנ פונ די אונטערדריקטע פעלקער.

אינ די ראַנד־געביטנ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ שאַפנ בורזשואַזע „נאַציאָנאַלע ראַטנ“ (די ראַדע — אינ אוקראַינע, קורולטײַ — אינ קרים, באַשקיריע אאַ.). די אָנפירער פונ די דאָזיקע נאַציאָנאַלע ראַטנ האָבנ געוואָלט אויסדינגענ בא דער צײַטווײַליקער רעגירונג ברייטערע רעכט, וואָס זאָלנ פאַרשטאַרקנ די קלאַסנ־פּאָזיציעס פונ דער בורזשואַזיע בא איר „אייגנ“ פאָלק. די זעלבע נאַציאָנאַלע בורזשואַזיע איז צוזאַמענ מיט די רוסישע קאַפּיטאַליסטנ אונ פריצים ארויסגעטראָטנ קעגנ דעם רעוואָליוציאָנערנ פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט געפאָדערט לייזנ די גרונט־פראַגנ פונ דער רעוואָליוציע, פראַגנ, אינ וועלכע עס זײַנענ געווענ בלוטיק פאַרינטערעסירט די ברייטסטע מאַסנ פונ יעדער נאַציאָנאַליטעט.

דער בונד צווישן דעם רוסישן ארבעטער־קלאס און די ארבעטנדיקע פון אנדערע פעלקער איז געוואָרן אלץ פעסטער. די הערשנדיקע קלאסן פון אלע פעלקער האָבן מיט אלע קויכעס געזוכט צו צעשטערן דעם דאָזיקן בונד.

וואָס מער עס איז געוואקסן די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג, אלץ מער האָט די בורזשואזיע פון די נאציאָנאלע ראנד־געביטן פארשטארקט די נאַציאָנאליסטישע אגיטאציע. זי האָט אגיטירט פאר אָפטיילן זיך פונעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאנד און אזויארום געוואָלט איינהאלטן איר הערשנדיקע לאגע צווישן „איר" פאָלק.

אפן וועג צו דער סאָציאליסטישער אָקטיאבער־רעוואָלוציע האָט די פארטיי פון לענין—סטאלין געהאט פאר זיך א גראנדיעזע אויפגאבע — פאראייניקן די ארבעטנדיקע פון אלע נאציאָנאליטעטן, קעדיי מיט געמיינזאמע קויכעס אראָפּווארפן די מאכט פון די פריצים און פון דער בורזשואזיע, איינשטעלן די דיקטאטור פונעם ארבעטער־קלאס, וואָס נאָר זי אליין איז בעקויעך צו מאכן א סאָף צום קלאסעווון און נאציאָנאלן יאָך.

## דער קאמף פון דער פארטיי פון לענין — סטאלין פאר דער גלייכבארעכטיקונג פון די נאציאָנאליטעטן

די פארטיי פון לענין—סטאלין האָט זיך געבוים און איז געוואקסן אלס אומקאָמפּראָמיסלעכער סוינע פון יעטווידן נאציאָנאלן יאָך. די פארטיי האָט באוויזן, אז אין נאציאָנאלער אונטערדריקונג און אינעם האס צווישן די נאציאָנאליטעטן זיינען פארינטערעסירט די הערשנדיקע קלאסן— די פריצים און קאפּיטאליסטן און, פארקערט, דער ארבעטער־קלאס און די ארבעטנדיקע פון יעדער נאציע זיינען פארינטערעסירט אין אן ענגן בונד אפּ צו קעמפן פאר די געמיינזאמע קלאסן־צילן קעגן די עקספּלואַטאטאָרן פון אלע נאציעס.

נאָך איידער עס איז געשאפן געוואָרן די פארטיי, האָט לענין אין זיין פרייקער ארבעט „וואָס זיינען אזוינס די „פריינט פון פאָלק" און וויאזוי זיי האלטן מילכאָמע קעגן די סאָציאל־דעמאָקראטן" (1894) געשריבן, אז „עס איז ניטאָ קיין אנדער מיטל פון קאמף קעגן דעם נאציאָנאלן האס, ווי אָרגאניזירן און קאָנסאָלידירן דעם קלאס אונטערדריקטע צום קאמף

קעגן דעם קלאַס אונטערדריקער אין יעדן איינצלנעם לאַנד, ווי באַרייניקן אזוינע נאַציאָנאַלע ארבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין איין אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער-אַרמיי צום קאַמף קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל"[1].

ווען לענין איז צוגעטראָטן צום זאַמלען און אָרגאַניזירן די רעוואָלוציאָנערע קרעפטן, האָט ער גענוּאַל פאָרויסגעזען די פּערספּעקטיוון פונעם קאַמף פון דעם רוסישן ארבעטער-קלאַס. באַרענדיקנדיק זײַן ווערק „וואָס זײַנען אזוינס די „פרײַנט פון פאָלק", האָט ער געשריבן:

„אויפגעהויבן זיך אין דער שפּיץ פון אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענטן, וועט דער רוסישער ארבעטער אראָפּשלײַדערן דעם אַבסאָליוטיזם און וועט אַוועקפירן דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט (באַנאַנד מיטן פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער) מיטן גלײַכן וועג פון אָפענעם פּאָליטישן קאַמף צו דער זיגרײַכער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע"[2].

די פּאַרטיי באָלשעוויקעס האָט אויפגעוויזן, אַז קעדיי פולשטענדיק צו פאַרניכטן דעם נאַציאָנאַלן יאָך, דאַרף מען אראָפּוואַרפן און פאַרניכטן די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן — די טרעגער און אינספּיראַטאָרן פון נאַציאָנאַלן יאָך. די פּאַרטיי האָט דעריבער געהאַלטן, אַז די נאַציאָנאַלע פראַגע איז ניט קיין זעלבשטענדיקע פראַגע, ניט קיין פראַגע אַליין פאַר זיך. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז אונטערגעוואָרפן די אַלגעמיינע קלאַסן-אויפגאַבן פונעם ארבעטער-קלאַס. בלויז דער זיג פונעם ארבעטער-קלאַס איז אימשטאַנד צו מאַכן אַ סאָף צו דער קלאַסעווער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג אין אַלע אירע אַנטפּלעקונגען.

די פּאַרטיי פון לענין—סטאַלין האָט אין מעשעך פון איר גאַנצער געשיכטע באַרטייידיקט איר פּראָגראַם-לאָזונג — דאָס רעכט פון נאַציעס אַף זעלבסטבאַשטימונג, אײַנגעשלאָסן דאָס אָפּטיילן זיך און אויסבילדן אַ זעלבשטענדיקע נאַציאָנאַלע מעלוכע. דערמיט האָט די פּאַרטיי אונטערגעשטראָכן, אַז זי וואַרפט אָפּ יעדן מין געוואַלט איבער די נאַציעס און שטייט פאַר אַ פרײַוויליקן פעלקער-בונד.

---

[1] לענין, ב. I, ז. 74.

[2] דאָרטן, ז. 194.

דער לאָזונג וועגן אָנערקענען דאָס רעכט פון נאציעס אפ זעלבסטבאַשטימונג, אײנגעשלאָסן דאָס אָפּטײלן זיך, האָט געהאַט א טיפע רעוואָליוציאָנערע באַדײַטונג. ער האָט פאַרפעסטיקט דעם בונד פונעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן פון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן, האָט באַהעפט די אַרבעטנדיקע פון אַלע נאַציעס אין קאַמף קעגן די געמײנזאַמע סאָנים, האָט צוגענומען דעם באָדן פון אונטער די פיס בא די בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן מיט דעמאַגאָגישע לאָזונגען געשטרעבט אָפּצושלעפּן נאָך זיך די אַרבעטנדיקע מאַסן פון די אונטערדריקטע פעלקער.

לענין און סטאַלין האָבן געהאַלטן, אז אינעם קאַמף קעגן דעם נאַציאָנאַלן יאָך האָט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט ספּעציעלע היסכײַוועסן: די רוסישע אַרבעטער האָבן באַדאַרפט דערלאַנגען און האָבן דערלאַנגט א האַנט פון ברידערלעכער הילף די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן אין קאַמף קעגן די געמײנזאַמע קלאַסן־סאָנים. גלײַכצײַטיק האָבן לענין און סטאַלין גערופן די אַרבעטנדיקע פון די אונטערדריקטע נאַציעס צו פירן א קאַמף קעגן זײערע עקספּלואַטאַטאָרן, קעגן די בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן, צו פעסטיקן די פאַרבינדונג מיטן רוסישן רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. דער ציל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער פּאַרטײ פון לענין—סטאַלין איז געווען פאַרפעסטיקן די קלאַסן־סאָלידאַרישקײט פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן.

אין קאַמף פאַר דער דאָזיקער ליניע איז די באָלשעוויסטישע פּאַרטײ אונטער לענינס און סטאַלינס אָנפירונג אַרויסגעטראָטן קעגן די אָפּאָרטוניסטן פון אַלע שאַטירונגען, וואָס האָבן געשטויסן די אַרבעטנדיקע אויפן וועג פון נאַציאָנאַליזם און זיך אָפּגעצוגעדעקט מיט קלוימערשט „רעוואָליוציאָנערער" פראַזע.

לענין און סטאַלין האָבן געפירט אן אומקאָמפּראָמיסלעכן קאַמף קעגן דעם פּראָיעקט פון דער אַזוינגערופענער „קולטור־נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע", וועלכן עס האָבן אַרויסגעשטעלט דער „בונד", די מענשעוויקעס און די טראָצקיסטן. דער טאָכ פון דער „קולטור־נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע" איז באַשטאַנען דערין, וואָס זי האָט די פראַגן פון נאַציאָנאַלער קולטור קינסטלעך אָפּגעטײלט פון אַלמעלוכישע פראַגן. די פּאַרטײדיקער פון אָט

דעם פּראָיעקט האָבן געפּאָדערט שאפן „אַלנאַציאָנאַלע פּארבאנדן", וואָס זאָלן ארומכאפּן אי דעם פּראָלעטאריאט אי די בורזשואזיע פון יעדער נא־ציע. די דאָזיקע פארבאנדן האָבן געזאָלט פאראייניקן פאָרשטייער פון יעדער נאציאָנאליטעט אינעם גאנצן לאנד און האָבן געזאָלט האָבן צו שאפן אי־בערן נאציאָנאלן קולטור־וועזן. וויבאלד אָבער דער נאציאָנאלער קולטור־וועזן איז געווען אין די הענט בא דער נאציאָנאלער בורזשואזיע, האָט די דאָזיקע פאָדערונג באטײַט, אז די ארבעטנדיקע פון יעדער נאציע דארפן זײַן אונטערגעוואָרפן „זייער" נאציאָנאלער בורזשואזיע און אז עס דארפן געשאפן ווערן קינסטלעכע מעכיצעס צווישן די ארבעטנדיקע מאסן פון פארשיידענע נאציעס.

די „קולטור־נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע" איז געווען אן אנטיפּראָלעטא־רישע, נאציאָנאליסטישע פאָדערונג, וועלכע די רוסלענדישע אָפּאָרטוניסטן האָבן איבערגענומען בא די עסטרײַכישע אָפּאָרטוניסטן. לענין האָט געשריבן:

„אײַנגעפונדעוועט דעם נאציאָנאליזם אין א באשטימטער, „אלפי יווי־שער" אָפּגענרעגעצטער ספער, „קאָנסטיטוירן" דעם נאציאָנאליזם, פאנאנ־דערגרענעצן שטארק און פעסט אלע נאציעס איינע פון דער אנדערער דורך א ספּעציעלער מעלוכישער אינסטיטוציע — דאָס איז דער אידייִשער יע־סאָד און אינהאלט פון דער קולטור־נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע. דער דאָזי־קער געדאנק איז א דורכויס בורזשואזער און א דורכויס פאלשער"[1].

די „קולטור־נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע" האָט ניט אָנגערירט די יעסוידעס פון דער בורזשואזער מעלוכע — אָט דאָס געצײַג פון די עקספּלואטאטאָ־רישע קלאסן אפּ צו אונטערדריקן דעם ארבעטער־קלאס און די ארבעטנ־דיקע פון אלע נאציעס. זי האָט אויך ניט אונטערגעריסן די פּריווילעגירטע לאגע פון דער הערשנדיקער נאציע. די „קולטור־נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע" איז געווען איינס פון די מיטלען אײַנצוהיטן די גאנצקײַט פון דער קאפּי־טאליסטישער מעלוכע דורך צוזוואַרפן די נאציאָנאליטעטן איינצלנע „האנאָ־כעס" אין געביט פון קולטור, וואָס צו איר האָט אין די קאפּיטאליסטישע באדינגונגען געהאט א צוטריט הויפּטזאכלעך די בורזשואזיע. מיט איר איז מען אויסן געווען אונטערוואַרפן די קלאסן־פאָדערונגען פונעם פּראָלע־

[1] לענין, ב. XVII, ז. 146.

טאַריאַט צו די נאַציאָנאַליסטישע פאָדערונגען. דער „בונד“, לעמאָשל, האָט אין זיין גאַנצער פּראַקטישער טעטיקייט דורכגעפירט די דאָזיקע דורכויס פּוילישע נאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיק. עס איז גענוג אָנצוווייזן, אַז די VIII קאָנפערענץ פון „בונד“ (1910 י.) האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אויסנוצן די יידישע רעליגיעזע געמיינדע אַלס באַזע פאַר דער קולטור-נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. די IX קאָנפערענץ פון „בונד“ (יונ 1912 י.) האָט אינ-גאַנצן אָפּגעוואָרפן דעם לאָזונג פון דער פּראָגראַם-מינימום וועגן דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. איינגעם מיט די ליקווידאַטאָרן די מענשעווי-קעס האָט זי אָפּגערוקט אין הינטערגרונט די פראַגע וועגן אומלעגאַלער אַרבעט, צופרידנשטעלנדיק זיך מיט דער לעגאַלקייט, וואָס עס האָט גע-געבן דער פּאָליציייִשער רעזשים. אויף דער זעלבער קאָנפערענץ האָט דער „בונד“ זיך געווענדט מיט אַ רוף צו די יידישע וויילער, אַז זיי זאָלן ביים די וואַלן אין דער מעלוכע-דומע שטיצן יענע קאַנדידאַטן, וואָס וועלן זיך אַרויסזאָגן פאַר אָפּהיטן שאַבעס-רו. אַזויאַרום פלעגט דער „בונד“ די קלאַסן-אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט אונטערוואַרפן צו די נאַציאָנאַ-ליסטישע פאָדערונגען. כאַראַקטעריסטיש איז אויך אַזאַ פאַקט: ביים די וואַלן אין דער IV מעלוכע-דומע האָט דער „בונד“ צוזאַמען מיט די יידישע נאַציאָנאַליסטן און מיט דער אַזוי-גערופענער „לעוויצאַ“ פּפּס גע-שטיצט די קאַנדידאַטור פון יאַגעלאָ — ניט קיין סאָציאַל-דעמאָקראַט — קעגן דעם קאַנדידאַט פון דער פּוילישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

דעם קאַמף קעגן אַריינשלעפּן דעם נאַציאָנאַליזם אין דער אַרבעטער-באַוועגונג האָט די פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט אַלס ביז גאָר וויכטיקע אויפגאַבע נאָך אינעם פאַרמילכאָמעדיקן פּעריאָד. צו דעם פּעריאָד געהערט אויך כאַווער סטאַלינס קלאַסיש ווערק „מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע“ (1913 י.). לעניג האָט געהאַלטן, אַז דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס איז געווענדט מיט זיין שאַרף קעגן דער „קולטור-נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע“, האָט אַ באַזונדערס גרויסע באַדייטונג. דערקלערנדיק, פאַרוואָס און וויאַזויאַרום די נאַציאָנאַלע פראַגע האָט דעמלט אָנגעהויבן פאַרנעמען אַן אָנגעזעענע אָרט, האָט לעניג געשריבן:

„אין דער טעאָרעטישער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור איז די דאָזיקע לאַגע און די יעסוידעס פון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון דער ס-

אינ מעשעכ פונ דער לעצטער צײַט שוינ באַלויכטנ געוואָרנ (אינ דער ערשטער רײ רוקט זיכ דאָ אַרויס סטאַלינס אַרטיקל)" [1].

גראָד אינ צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס, פונ אײנ זײַט, האָט זיכ אַזוי צעלאָזט די שוואַרצמייעדיקע רעאַקציע און, פונ דער אַנדערער זײַט, די נאַציאָנאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע פונ די אָפּאָרטוניסטנ, האָט די באַראַטונג פונעם צק רסדאַפּ (באָלשעוויקעס) מיט די פּאַרטיי־טוער אינ פּאָראָנינאָ (22 סענטיאַבער—1 אָקטיאַבער 1913 י.) אָנגענומענ אַ ספּעציעלע רעזאָליוציע איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס אָנגעשריבנ האָט זי לענינ. אינ איר איז באַגרינדעט אונ באַשטעטיקט געוואָרנ דער רעוואָליוציאָנערער לאָזונג פונ דער פּאַרטיי — דאָס רעכט פונ נאַציעס אַפּ זעלבסטבאַשטימונג, אײַנגעשלאָסנ דאָס אָפּטײלנ זיכ.

דעמ באָלשעוויסטישנ שטאַנדפּונקט וועגנ דעמ רעכט פונ די נאַציעס אַפּ זעלבסטבאַשטימונג האָט כאַווער סטאַלינ אינ 1913 י. אויסגעדריקט אַזוי:

„די נאַציע — האָט ער געשריבנ — קאָנ זיכ אײַנאָרדענענ לויט איר פאַרלאַנג. זי האָט רעכט אײַנצואָרדענענ איר לעבנ אַפּ די יעסוידעס פונ אויטאָנאָמיע. זי האָט רעכט אַרײַנצוטרעטנ אינ פעדעראַטיווע באַציִונגענ מיט אַנדערע נאַציעס. זי האָט רעכט אינגאַנצנ זיכ אָפּטײלנ. די נאַציע איז סוּווערענ, אונ אַלע נאַציעס זײַנענ גלײַכבאַרעכטיקט" [2].

אָנערקענענדיק אָבער די סוּווערעניטעט פונ דער נאַציע אונ איר רעכט אַפּ אָפּטײלנ זיכ, האָט די פּאַרטיי באָלשעוויקעס קלאָל ניט געהאַלטנ, אַז ס'איז אָבליגאַטאָריש, די נאַציע זאָל זיכ אָפּטײלנ פונ אַ שוינ אויסגעבילדעטער גרויסער מעלוכע, וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר אַ גרעסערע אַרענע פונ קאַמפּ פאַרנ סאָציאַליזמ.

„...די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — האָט געשריבנ כאַווער סטאַלינ — איז מעכויעוו צו פירנ אַזאַ אַגיטאַציע אונ ווירקנ אַפּנ ווילנ פונ די נאַציעס אַזוי, אַז די נאַציעס זאָלנ זיכ אײַנאָרדענענ אינ דער פאָרמ, וואָס אַנטשפּרעכט מער פונ אַלצ די אינטערעסנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט" [3].

---

[1] לענינ, ב. XVII, ז. 116.

[2] סטאַלינ, מאַרקסיזמ אונ די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע, ז. 21, גאָספּאָליטיזדאַט, 1939 י.

[3] דאָרטנ, ז. 54.

די אינטערעסן ווידער פונעם פּראָלעטאַריאַט אַנטשפּרעכט מער א שוין אויסגעבילדעטע גרויסע מעלוכע, ווו דער פּראָלעטאַריאַט קאָנסאָלידירט א מעגלעך גרעסערע צאָל אַרבעטנדיקע פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין קאַמף פאַר זייערע קלאַסן-אינטערעסן און פאַר דעם, אַז די דאָזיקע אינטערעסן זאָלן ניט ליידן פון די אינערלעכע און אויסערלעכע קלאַסן-סאָנים. א גרויסע מעלוכע גיט דעם פּראָלעטאַריאַט נאָך זיין זיג אויך גרעסערע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן פאַר דער בויונג פון סאָציאַליזם, פאַרן עקאָנאָמישן און קולטורעלן אופשטייג פון די אַרבעטנדיקע פון יעדער נאַציע. קעדיי אָבער צו זיכערן דעם קעגנזייטיקן צוטרוי צווישן די אַרבעטנדיקע פון דער פילנאַציאָנאַלער מעלוכע, איז נייטיק די ברייטסטע דעמאָקראַטיע, וואָס שליסט איין דאָס רעכט פון נאַציעס אַבסאָליוט פריי צו לייזן זייער אייגענעם גוירל.

לענין האָט אָנגעוויזן, אַז „...מיר זיינען פאַרן רעכט אף אָפּטיילן זיך צוליב דעם שוואַרצמייעדיקן גרויסרוסישן נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט אַזוי פאַרפּאַסקודעט די זאַך פון נאַציאָנאַלן צוזאַמענלעבן, אַז טיילמאָל וועט זיך באַקומען מער פאַרבינדונג נאָך דער פרייער אָפּטיילונג!“ [1].

„אָפּטיילונג צוליב פאַרייניקונג“ — אַזוי קאָן מען פאָרמולירן לענינס פּאָזיציע בענעגייע יענע פעלקער, וואָס וואָלטן געוואָלט אויסנוצן זייער רעכט אף אָפּטיילן זיך. פאַר די נאַציעס, וואָס וועלן האַלטן פאַר בעסער צו בלייבן אין די גרענעצן פון דער גרויסער פילנאַציאָנאַלער מעלוכע, האָט די פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג פון געגנטלעכער אווטאָנאָמיע. פונעם שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט איז די מייַלע פון דער געגנטלעכער אווטאָנאָמיע באַשטאַנען דערין, וואָס זי „...גרענעצט ניט פאַנאַנדער די מענטשן לויט נאַציעס, זי פאַרפעסטיקט ניט די נאַציאָנאַלע מעכיצעס, — פאַרקערט, זי צעברעכט בלויז די דאָזיקע מעכיצעס און פאַרייניקט די באַפעלקערונג, קעדיי צו עפענען דעם וועג פאַר אַן אַנדער סאָרט פאַנאַנדערגרענעצונג, פאַר דער פאַנאַנדערגרענעצונג לויט קלאַסן.

---

[1] לענין, ב. XVII, ז. 90.

צולעצט, גיט זי די מעגלעכקייט אפנ בעסטנ אויפנ אויסנוצנ די נאטור־רײַכטימער פונ דער געגנט אונ אנטוויקלענ די פראָדוקטיוו־קרעפטנ, ניט ווארטנדיק אפ קיינ באשלוסנ פונעמ אלגעמיינעמ צענטער, — פונקציעס, וואָס זײַנענ ניט אייגנטימלעכ פאר דער קולטור־נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע" [1].

צומ פעריאָד פאר דער ערשטער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע געהערט אויכ א ריי וויכטיקסטע ארטיקלענ לענינס איבער דער נאציאָנאלער פראגע. אינ פארבינדונג מיט די באלקאנישע מילכאָמעס (1912—1914), וואָס זײַנענ געווענ א פּראָלאָג צו דער ערשטער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, האָט לענינ נעוויִש געשריבנ:

„פאר גאנצ מיזרעכ־אייראָפּע שלאָגט, קאָנ זײַנ, די שאָ, ווענ עס וועלנ זאָגנ זייער פרײַ אונ אנטשיידנדיק וואָרט די פעלקער גופע" [2].

די ערשטע אימפּעריאליסטישע מילכאָמע האָט, ווי מיר האָבנ שוינ פרייער אָנגעוויזנ, ארויסגערופנ נאָכ א גרעסערע פארשארפונג פונ דער נאציאָנאלער פראגע. דער II אינטערנאציאָנאל איז זיכ צעפאלנ. דער נאציאָנאליזמ, וואָס די אָפּאָרטוניסטנ פונ אלע שאטירונגענ האָבנ אימ יאָרצענדליקער נאָכאנאנד געכאָוועט, האָט זיכ איצט צעלאָזנ אפ אלע קיילימ. די הערשנדיקע קלאסנ האָבנ ארײַנגעצויגנ די ארבעטנדיקע פונ זייערע לענדער אינ דער בלוטיקער וועלט־שכיטע. קעגנ דעמ נידערטרעכטיקנ פאראטנ די אינטערעסנ פונ דעמ ארבעטער־קלאס אונ קעגנ דעמ שאָוויניסטישנ טשאד האָט זיכ מעכטיק געלאָזט הערנ לענינס רופ:

„ניט וואָטירנ קיינ מילכאָמע־קרעדיטנ, ניט צובאָמקענ דעמ שאָוויניזמ פונעמ „אייגענעמ" לאנד (אונ פונ די פארבינדעטע לענדער), קעמפנ אינ דער ערשטער ריי קעגנ דעמ שאָוויניזמ פונ דער „אייגענער" בורזשואזיע, ניט באגרענעצנ זיכ מיט די לעגאלע קאמפס־פאָרמענ, ווענ עס איז אָנגעקומענ דער קריזיס אונ די בורזשואזיע האָט אליינ אָפּגענומענ די לעגאליטעט, וואָס זי האָט געשאפנ, — אָט דאָס איז די ארבעט־ל י נ י ע, וואָס

---

[1] ס ט א ל י נ, מארקסיזמ אונ די נאציאָנאל־קאָלאָניאלע פראגע, ז. 58, גאָס־פּאָליטיזדאט, 1939 י.

[2] ל ע נ י נ, ב. XVI, ז. 158.

פירט צומ בירגערקריג און וועט ברענגענ צו אימ אינ דעמ אָדער יענעמ מאָמענט פונ דער אל-אייראָפּייִשער סרייפּע"[1].

די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע ליניע אנטוויקלט לענינ און פארטיפט זי ביימ דער מילכאָמע פונ די יאָרנ 1914—1918. בעסיק קריטיקירט ער די סאָציאל-שאָוויניסטנ פונ אלע לענדער, וואָס האָבנ דערקלערט, אז דער „היי-ליקער" כויוו פונעמ פּראָלעטאריאט פונ יעטווידנ לאנד איז איינהיטנ די גרענעצנ פונ די אימפּעריאליסטישע מעלוכעס. לענינ האָט אונטערגע-שטראָכנ, אז די באָלשעוויקעס שטייענ בעשומ אויפנ ניט אפ דער וואכ פונ די טעריטאָריעס, וואָס דער צאריזמ האָט אָנגערויבט; אז די מאפּאָלע פונעמ צאריזמ וועט גיכער אופּפראלנ די טויערנ פאר דער-רעוואָלוציע.

ארויסטרעטנדיק קעגנ שאָוויניזמ אינ אלע זײַנע אנטפּלעקונגענ, איז לענינ שארפ אָנגעפאלנ אפ פּיאטאקאָווונ, בוכארינענ, וואָס קריטיקירנדיק לעפּאָנעמ דעמ לאָזונג פונ דער פּארטיי וועגנ דעמ רעכט פונ נאציעס אפ זעלבסטבאשטימונג, האָבנ זיי אינדערעמעסנ אינ זינענ געהאט ארויסצו-רײַסנ אזויארומ דעמ בונד פונעמ ארבעטער-קלאס מיט די אונטערדריקטע נאציאָנאליטעטנ. לענינ האָט זיכ מיט פאראכטונג אָפּגערופנ וועגנ די „טע-אָריעס" פונ פּיאטאקאָוו-בוכארינ איבער דער נאציאָנאלער פראגע און האָט אָנגעוויזנ, אז דאָס זײַנענ ניט מער ווי בויכ-סוואָרעס. לענינ האָט אונ-טערגעשטראָכנ, אז אזוינע „טעאָריעס" גיסנ וואסער אפ די מילשטייגער פונ די אימפּעריאליסטנ און פארלײַכטערנ זיי צו אונטערדריקנ די שוואכע פעלקער.

לענינ איז ארויסגעטראָטנ אויכ קעגנ דעמ פארעטער טראָצקי, וועל-כער איז ביימ דער מילכאָמע לעשעמ דער אנטוויקלונג פונ דער וועלט-ווירטשאפט (דה. פאקטיש לעשעמ דער ווירטשאפט פונעמ מאָנאָפּאָליס-טישנ קאפּיטאל) ארויסגעטראָטנ קעגנ דער אידיי פונ נאציאָנאלער מעלו-כע, קעגנ די רעכט פונ די אונטערדריקטע פעלקער אפ סוווערעניטעט און זעלבשטענדיקײַט. די טראָצקיסטישע ליניע איז געווענ געווענדט אפ צו שטיצנ די אימפּעריאליסטישע אנעקסיעס, קעגנ דעמ לאָזונג פונ דער פּאר-טיי וועגנ דעמ רעכט פונ נאציעס אפ זעלבסטבאשטימונג, איינגעשלאָסנ דאָס אָפּטיילנ זיכ.

---

[1] לענינ, ב. XVIII, ז. 30

אומדערמידלעך מאָביליזירנדיק אַרום דער פּאַרטיי די קרעפטן, וואָס זײַנען פרײַ געבליבן דעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם, שרײַבט לענין אָן אין דעקאַבער 1914 י. אַן אַרטיקל „וועגן דעם נאַציאָנאַלן שטאָלץ פון די גרויסרוסן". אין רעגנדיקע ווערטער האָט ער פאָרמולירט דעם מאָך פונעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם.

„צי איז אונדז, די גרויסרוסישע באַוווּסטזיניקע פּראָלעטאַריער, פרעמד דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ? — פרעגט לענין. — פאַרשטייט זיך, אַז ניט! מיר ליבן אונדזער שפּראַך און אונדזער היימלאַנד, מער פון אַלץ אַרבעטן מיר איבער דעם, קעדיי זײַנע אַרבעטנדיקע מאַסן (ד.ה. $^9/_{10}$ פון זײַן באַפעלקערונג) אויפהייבן ביזן באַוווּסטזיניקן לעבן פון דעמאָקראַטן און סאָציאַליסטן. ווייטעקדיקער פון אַלץ איז אונדז צו זען און צו פילן, וואָס פאַר אַ גוואַלדטאַטן, אונטערדריקונגען און איזדעקענישן אונדזער ווּנדערבאַר היימלאַנד האָט אויסצושטיין פון די צאַרישע הענקער, אדל-לײַט און קאַפּיטאַ-ליסטן. מיר שטאָלצירן דערמיט, וואָס די דאָזיקע גוואַלדטאַטן האָבן אַרויס-גערופן אַ ווידערשטאַנד פון אונדזער סוויווע, פון דער סוויווע פון די גרויסרוסן, וואָס די דאָזיקע סוויווע האָט אַרויסגערוקט ראַדישטשעוון, די דעקאַבריסטן, די רעוואָלוציאָנערן ראַזנאָטשינצעס פון די 70-ער יאָרן, מיר שטאָלצירן דערמיט, וואָס דער גרויסרוסישער אַרבעטער-קלאַס האָט געשאַפן אין 1905 יאָר אַ מעכטיקע רעוואָלוציאָנערע מאַסן-פּאַרטיי, וואָס דער גרויסרוסישער מוזשיק האָט אָנגעהויבן אין דער זעלבער צײַט צו ווערן אַ דעמאָקראַט, האָט אָנגעהויבן אַראָפּוואַרפן דעם גאַלעך און דעם פּאָרעץ.

...פונעם שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסן טאַקע פונעם גרויסרוסישן פּראָלעטאַריאַט איז נייטיק אַ דויערהאַפטע דערציִונג פון די מאַסן אין גײַסט פון סאַמע אַנטשיידנדיקן, קאָנסעקווענטן, דרייסטן, רעוואָלוציאָנערן פאַרטיידיקן די פולשטענדיקע גלײַכבאַרעכטיקונג און דאָס רעכט אויף זעלבסט-באַשטימונג פאַר אַלע נאַציעס, וואָס ווערן אונטערדריקט דורך די גרויס-רוסן"[1].

אַזוי האָט געשריבן דער בעסטער זון פונעם גרויסרוסישן פאָלק, באַ

---

[1] לענין, ב. XVIII, ז. 81, 83.

װעלכע די ליבע צו זײַן פֿאָלק האָט זיך באַהעפֿט מיט אַכטונג און פֿאַרטיידיקונג פֿון די רעכט און פֿרײַהײַט פֿון אַנדערע פֿעלקער. לענין האָט אָנגעװיזן דעם װעג צו דער באַפֿרײַונג פֿון אַלע נאַציעס — אָראָפּװאַרפֿן די געמײַנזאַמע קלאַסן־שׂונאים.

די פֿעברואַל־רעװאָלוציע פֿון 1917 י. עפֿנט אַ נײַעם עטאַפּ אינעם קאַמף פֿון דער פּאַרטײַ באָלשעװיקעס פֿאַר לײזן די נאַציאָנאַלע פֿראַגע אין רוסלאַנד. לענין און סטאַלין רופֿן דעם פּראָלעטאַריאַט צו שטעלן אַן ענערגישן װידערשטאַנד דער גרױסמעכטישער פּאָליטיק פֿון דער צײַטװײַליקער רעגירונג. אין אײַנקלאַנג מיט דער בונדיסטיש־מענשעװיסטיש־טראָצקיסטישער פּאָזיציע אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע זאָגט זיך צו דער צײַט אַרױס פֿאַר „קולטור־נאַציאָנאַלער אױטאָנאָמיע“ אין די ראַמען פֿונעם „אײנהײַטלעכן און אומטײלבאַרן רוסלאַנד“ אױך די קאָנטררעװאָלוציאָנערע פּאַרטײַ פֿון דער רוסישער בורזשואַזיע — די קאַדעטישע פּאַרטײַ. די מענשעװיקעס און עסערן האָבן אײַנגעלײגט אַ װעלט, אַבי אײַנצוהיטן אין לאַנד דעם אימפּעריאַליסטישן יאָך. געהאָלפֿן זײ האָבן די טראָצקיסטן און בוכאַרינצעס, װאָס האָבן פֿאַרגעזעצט דעם קאַמף קעגן דעם לאָזונג פֿון דער פּאַרטײַ — רעכט פֿון די נאַציעס אַף זעלבסטבאַשטימונג, אײַנגעשלאָסן דאָס אָפּטײלן זיך.

כאַװער סטאַלין, װאָס האָט שאַרף קריטיקירט די טראָצקיסטן און די בוכאַרינצעס אַף דער VII (אַפּרעלער) פּאַרטײַ־קאָנפֿערענץ אין 1917 י., האָט געזאָגט:

„און איך פֿרעג, — און דאָס לעבן אַלײן פֿרעגט, — צי זײַנען מיר פֿאַר יענע פֿעלקער, װאָס קעמפֿן קעגן אונטערדריקונג, אָדער פֿאַר יענע קלאַסן, װעלכע אונטערדריקן זײ?“ [1].

די טראָצקיסטן און בוכאַרינצעס האָבן אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע געהאָלפֿן די אונטערדריקנדיקע קלאַסן. זײ האָבן געשטרעבט צו צערײַסן דעם בונד צװישן דעם פּראָלעטאַריאַט און די אַרבעטנדיקע פֿון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן, זײ האָבן געפּרוּװט צו אַנטװאָפֿענען דעם

---

[1] סטאַלין, מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פֿראַגע, ז. 68, גאָספּאָליטיזדאַט, 1939 י.

פּראָלעטאַריאַט, צונעמענ בײַ אים זײַנע פאַרבינדעטע און דערפירנ צו א מאַפּאָלע נאָכ אינ יענעמ פּעריאָד, װענ די פּאַרטײ פונ לענינ—סטאַלינ האָט אָנגעװענדט קאָלאָסאַלע באַמיִונגענ אױפ צוצוגרײטנ דעמ שטורמ פונ קאַפּיטאַליזמ.

די ליניע פונ אַלע סאָניִמ פונ דער פּאַרטײ פונ לענינ—סטאַלינ איז געװענ געריכטעט אױפ אײַנצוהיטנ די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכע, אױפ אײַנצוהיטנ אױכ די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג.

פאַרקערט, די ליניע פונ דער פּאַרטײ פונ לענינ—סטאַלינ איז געװענ געריכטעט אױפ פאַרפעסטיקנ דעמ קעגנזײַטיקנ צוטרױ און די פרײַנטשאַפט צװישנ די אַרבעטנדיקע פונ אַלע נאַציעס. די לאָזונגענ פונ די באָלשעװיקעס אינ דער נאַציאָנאַלער פראַגע צוזאַמענ מיט די אַגראַרע לאָזונגענ, אַנטימיליטאַריסטישע לאָזונגענ און אַנדערע רעװאָליוציאָנערע לאָזונגענ האָבנ באַהערשט אַרומ די באָלשעװיסטישע פאָנענ די מיליאָניקע מאַסנ פונ די נאַציאָנאַליטעטנ פונ רוסלאַנד. אונטער דער אָנפירונג פונ דער פּאַרטײ פונ לענינ—סטאַלינ זײַנענ די פאָרגעשריטענע שיכטנ אַרבעטנדיקע פונ די נאַציאָנאַלע ראַנד-געביטנ אַלצ ברײטער אַרײַנגעצױגנ געװאָרנ אינ די קלאַסנ-שלאַכטנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט, זײ זײַנענ געװאָרנ זײַנע פאַרבינדעטע, זײ האָבנ געטראָגנ די אידײענ פונ דער סאָציאַליסטישער רעװאָליוציע אינ די ברײטע מאַסנ פונ די פילצאָליקע פעלקער פונ דער געװעזענער רוסלענדישער אימפּעריע.

## די ליקװידירונג פונ דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און די בױונג פונ דער סאָװעטישער פילנאַציאָנאַלער מעלוכע

די סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער-רעװאָליוציע האָט פאַרניכטעט די צאַרישע „פעלקער-טורמע" און צוזאַמענ מיט איר אױכ דעמ בורזשואַזיש-פּריציש מאַכט-אַפּאַראַט, װאָס איז געשטאַנענ אױפ דער װאַכ פונ דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג.

גלײַכ פונ די ערשטע טעג, װי נאָר ס'איז אָרגאַניזירט געװאָרנ די ראַטנמאַכט, איז באַגלײַכ מיט אַנדערע פאָלקס-קאָמיסאַריאַטנ געשאַפנ גע-

וואָרן דער פאָלקס־קאָמיסאריאט איבער די אָנגעלעגנהייטן פון די נאַציאָ־
נאַליטעטן. בעראָש פון אים האָט זיך געשטעלט כאַווער סטאַלין. דער
פאָלקס־קאָמיסאריאט איבער די אָנגעלעגנהייטן פון די נאַציאָנאַליטעטן
האָט דורכגעמאַכט אַ גראַנדיעזע אַרבעט אַף צו פאַרווירקלעכן די מאַס־
מיטלען, וואָס זייער ציל איז געווען ליקווידירן די פאָלגן פון דער נאַציאָ־
נאַלער אונטערדריקונג און שאַפן אַ ברידערלעכע מיטאַרבעט פון די פעל־
קער, וועלכע די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע האָט באַפרייט.

דעם 16 (3) נאָיאַבער 1917 י. האָט די אַרבעטער־פּויערשע רעגירונג
פאַרעפנטלעכט די דעקלאַראַציע פון די רעכט פון די פעלקער פון רוסלאַנד,
וואָס צונויפגעשטעלט האָט זי סטאַלין און אונטערגעשריבן זי האָבן לענין
און סטאַלין. אין דער דעקלאַראַציע שטייט, אַז די אַרבעטער־פּויערשע רע־
גירונג מאַכט אַ סאָף צו דער אַלטער פּאָליטיק פון גוואַלדטאַט, אונטער־
דריקונג, אָנהעצונג פון די פעלקער פון רוסלאַנד איינס אַפן אַנדערן. די
דאָזיקע שענדלעכע פּאָליטיק ווערט פאַרביטן מיט דער אָפענער און ערלע־
כער פּאָליטיק, וואָס פירט צום פולשטענדיקן קעגנזייטיקן צוטרוי צווישן
די פעלקער פון רוסלאַנד.

„...דער ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן האָט באַשלאָסן אָוועקלייגן
אין יעסאָד פון זיין טעטיקייט אין דער פראַגע וועגן די נאַציאָנאַליטעטן
פון רוסלאַנד פאָלגנדיקע האַנאָכעס:

1) די גלייכקייט און סוווערעניטעט פון די פעלקער
פון רוסלאַנד.

2) דאָס רעכט פון די פעלקער פון רוסלאַנד אַף פריי־
ער זעלבסטבאַשטימונג, איינגעשלאָסן דאָס אָפּטיילן
זיך און דאָס בילדן אַ זעלבשטענדיקע מעלוכע.

3) דאָס אָפּשאַפן אַלע און יעטווידע נאַציאָנאַלע און
נאַציאָנאַל־רעליגיעזע פּריווילעגיעס און באַגרענעצו־
גען.

4) די פרייע אַנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע מינ־
דערהייטן און עטנאָגראַפישע גרופּעס, וואָס באַפעל־
קערן די טעריטאָריע פון רוסלאַנד“.

די ראַטנמאַכט האָט אָנערקענט דאָס רעכט פון פינלאַנד אַף זעלב־

שטענדיקייט. זי האָט אויך אָנערקענט, אַז אוקראַינע האָט רעכט אַפּ זעלבּ־שטענדיקייט, אָבער באַגלייך דערמיט איז זי אַרויסגעטראָטן קעגן דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער פּאָליטיק פון דער אוקראַינישער ראַדע, וואָס האָט געהאָלפן דער קאַדעטיש־קאַלעדינישער פאַרשווערונג אין דאָן און קובאַן, האָט געזען צו אַנטוואָפענען די סאָוועטישע מיליטער־טיילן, איז אַרויסגעטראָטן קעגן די ראַטן אין אוקראַינע און האָט אין קאַמף קעגן סאָוועטן־רוסלאַנד געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די דייטשישע אימפּעריאַליסטן, וואָס האָבן אָקופּירט אוקראַינע. די קאָנטררעוואָליוציאָנערע פּאָליטיק פון דער ראַדע האָט אָפּגעריייניקט דעם וועג פאַר דער הערשאַפט פון העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי.

די פראַגע וועגן די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן רספסר און אוקראַינע האָבן געלייזט גופא די אַרבעטנדיקע מאַסן פון אוקראַינע. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן און פאַרפעסטיקט דעם בונד פון די אַרבעטנדיקע פון ביידע לענדער אין קאַמף פאַרן סאָציאַליזם.

פריִער האָט די רוסישע בורזשואַזיע מיט אַלע מיטלען און קרעפטן געקעמפט קעגן די סעפּאַראַטיסטישע באַוועגונגען אין די ראַנד־געביטן, פון דעם מאָמענט אָבער, ווען עס האָט געזיגט די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, האָט די רוסישע בורזשואַזיע אַליין גענומען שטיצן די סעפּאַראַטיסטישע טענדענצן פון דער נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע, ווייל זי האָט געזען דעריין אַ מעגלעכקייט צו שאַפן צענטרען פון קאָנטררעוואָליוציע און פּלאַצדאַרמען פאַר דער אינטערווענציע. דער אָרגאַן פונעם רעכטן פליגל פון דער פּאַרטיי עסערן, „וואָליאַ נאַראָדאַ“, האָט באַגריסט די „איינגנאַרטיקע קאַמפס־קאָאַליציע פון דאָן, אוקראַינע און קובאַן“, צו וועלכער עס וועלן זיך, ווי ער האָט געהאָפט, „קאָן זיין, אינגיכן פאַרייניקן אויך אַנדערע געגנטן“.

די באַנקראָטירטע לידערס פון די גרוזינישע מענשעוויקעס האָבן ביים דער צייטווייליקער רעגירונג אַקטיוו און טעטיק געשטיצט די גאַנצקייט פון דער אימפּעריאַליסטישער מעלוכע. פון דעם מאָמענט אָבער, ווען עס האָט געזיגט די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, האָבן זיי אויך געטאָן אַלץ, כדי אָפּצוטיילן טראַנסקאַווקאַז פונעם רעוואָליוציאָנערן רוסלאַנד.

די בורזשואַזיע פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן (ווייסרוסישע, אַזערביי־

דזשאַנישע, אַרמענישע, טורקמענישע, אוזבעקישע, קאַזאַכישע אאַז״וו.) און די קלייניקע פון פאַרשיידענע רעליגיעס האָבן, פאַרטיידיקנדיק זייערע קלאַסן־פּריווילעגיעס, געפּרוּווט אופשטעלן די נאַציאָנאַלע מאַסן קעגן דער ראַטנמאַכט, וואָס איז קלוימערשט בלויז א „רוסישע מאַכט". זיי האָבן גענומען פירן א נאַציאָנאַליסטישע אַגיטאַציע קעגן דעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז געשטאַנען אין אַוואַנגאַרד פון די רעוואָלוציאָנערע קרעפטן, זיי האָבן אָנגערייצט די אַרבעטנדיקע פון די נאַציאָנאַלע ראַנד־געביטן, אז יענע זאָלן זיך אָפּטיילן פונעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד.

„דער נאַציאָנאַלער פלאַג — האָט געשריבן באַוואוסטער סטאַלין — ווערט צוגעטשעפּעט צום איגיענע בלויז קעדיי אָפּצונאַרן די מאַסן, אלס פּאָפּולערער פלאַג, וואָס מיט אים איז באַקוועם צוצודעקן די קאָנטררעוואָלוציאָנערע פּלענער פון דער נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע"[1].

די בורזשואַזיע פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון דער געוועזענער צאַרי־שער אימפּעריע האָט געמאַכט יאַדאַכאַס מיט די דײַטשישע, פראַנצויזישע, ענגלישע און אַנדערע אימפּעריאַליסטן, איז געוואָרן זייער געהאָרכזאַם געצײַג אין קאַמף קעגן דער ראַטנמאַכט. די בורזשואַזע „פּאַטריאָטן" האָבן געזען צו פאַרקויפן זייער לאַנד אפן לויט און אפן פוּד.

דער קלאַסן־יאָך, וואָס די אַרבעטנדיקע האָבן געהאַט אויסצושטיין פון דער בורזשואַזיע און די פּריצים פון די נאַציאָנאַלע ראַנד־געביטן און פון זיי־ערע אויסלענדישע אַפּעטראָפּסים, האָט זיי איבערצײַגט, אז בלויז אין בונד מיטן רוסישן אַרבעטער־קלאַס וועלן זיי קענען דעראָבערן זייער נאַציאָנאַ־לע אומאָפּהענגיקײַט און באַפרײַען זייערע ווירטשאַפט לעבנס־באַדערפע־נישן. יעטווידער אַנדערער וועג, אַפּ וועלכן עס האָבן זיי געשטויסן די בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן, וואָלט זיי געפירט צו קנעכטשאַפט און צו דעם, אז זייערע טעריטאָריעס זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין א קאָלאָניע פו־נעם אימפּעריאַליזם.

דערפאַר טאַקע האָבן די אַרבעטנדיקע פון די נאַציאָנאַלע ראַנד־געביטן געפאָלגט דעם רוף פון דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס און זײַנען אופ־געשטאַנען קעגן זייערע הערשנדיקע קלאַסן.

---

[1] סטאַלין, מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע, ז. 73, גאָס־פּאָליטיזדאַט, 1939 י.

באַ דער מיטווירקונג און דירעקטער הילף פונעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס האָבן די אַרבעטנדיקע פון די נאַציאָנאַלע ראַנד־געביטן אָפּגעהאַלטן זיגן איבער די אויסלענדישע אינטערווענטן, איבער דער בורזשואַזיע, איבער די פּריציס און בײַעס, וואָס האָבן פּאַרטײדיקט די אַלטע, האַלב־לײַבאייגנטימערישע פאַרהעלטענישן אין די ראַנד־געביטן.

אונטער דער אָנפירונג פון די באָלשעוויקעס האָבן די אַרבעטנדיקע פון די נאַציאָנאַלע ראַנד־געביטן אין פאַרביטערטע בירגערקריג געוואונען בײַ־קומען דעם אומצוטרוי, וואָס די בורזשואַזיע האָט געזעען אײַנפלאַנצן צווישן די פעלקער פון רוסלאַנד. זיי האָבן נאָך פעסטער פאַרבונדן זייער גורל מיטן רוסישן אַרבעטער־קלאַס און האָבן איינגעעם מיט אים געשאַפן אַן אײַזנפעסטן פויסט, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף פון אַלע אינטריגעס פון די צווישנפעלקערלעכע אימפּעריאַליסטן, פון זייערע ווײַסגוואַרדייִשע, עסער־ריש־מענשעוויסטישע נאָכטענצער.

נאָכן זיג פון דער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָבן אָנ־געהויבן פּראַקטיש פאַרווירקלעכט צו ווערן די באָלשעוויסטישע לאָזונגען אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

עס האָבן זיך פולשטענדיק באַשטעטיקט באַוער סטאַלינס אָנווײַזונגען, וואָס ער האָט געמאַכט אויף דער VII (אַפּרעלער) אַלרוסלענדישער קאָנ־פערענץ פון די באָלשעוויקעס וועגן דעם, אַז „...⁹/₁₀ פון די פעלקערשאַפטן וועלן נאָכן אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם ניט וועלן זיך אָפּטיילן“[1].

אָפּגעטיילט האָבן זיך בלויז יענע פעלקער, ווו די בורזשואַזיע און די פּריציס האָבן מיט דער הילף פון די אויסלענדישע אימפּעריאַליסטן באַ־וויזן צו באַזיגן זייער אייגענעם אַרבעטער־קלאַס. געהאַט אַ ווירקונג האָט אויך די צווישנפעלקערלעכע סיטואַציע. גראָד צו יענעם מאָמענט איז די לאַגע געווען אַזאַ, אַז דער רוסישער אַרבעטער־קלאַס, וואָס האָט געקעמפט קעגן די אינטערווענטן און זייערע קרעאַטורן אינווייניק אין לאַנד, האָט ניט געקאָנט רעכטצײַטיק העלפן דעם פּראָלעטאַריאַט פון באַזונדערע פעל־קער (פינלאַנד, לאַטוויע, עסטאָניע, ליטע). די איבערוועגנדיקע מערהייט

---

[1] סטאַלין, מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע, ז. 65—66, גאָספּאָליטיזדאַט, 1939 י.

אָבער פונ די פעלקער פונ דער פריִערדיקער אימפעריע איז געבליבנ אינ רוסלאַנד, האָט פאַרבונדנ איר גורל מיטנ גורל פונעמ רוסלענדישנ פּראָלעטאַריאַט.

אפ זייערע גרינדונגס-צוזאַמענפאָרנ פונ די ראַטנ האָבנ די אַרבעטנדיקע פונ יעדערער פונ די פריִער אונטערדריקטע נאַציעס דערקלערט וועגנ זייער אײַנפעסטנ ווילנ צו קעמפנ צוזאַמענ מיטנ רוסישנ אַרבעטער-קלאַס פאַר אײַנהאַלטנ זייערע רעוואָלוציאָנערע דעראָבערונגענ אונ צו בויענ צוזאַמענ מיט אים דעמ סאָציאַליזמ אונטער דער אָנפירונג פונ דער באָלשעוויסטישער לענינ-סטאַלינישער פּאַרטיי.

אינ העסקעמ מיט די גרונט-אינטערעסנ פונ די אַרבעטנדיקע אונ קעדייִ אפ ווײַטער נאָכ מער צו פאַרפעסטיקנ די פרײַנטשאַפט אונ סאָלידאַרישקײַט פונ די פעלקער האָט זיכ אָנגעהויבנ די בויונג פונ א נײַעמ טיפ מעלוכע — די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע פילנאַציאָנאַלע מעלוכע. אַלע פריִער אונ איצט עקזיסטירנדיקע פאָרמענ פונ די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס — זאָל עס זײַנ א בורזשואַז-דעמאָקראַטישע רעפּובליק אָדער א קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע — זײַנענ פאַקטיש געוועזנ אונ זײַנענ אויכ איצט א געצײַג אינ די הענט פונ די הערשנדיקע קלאַסנ אפ צו דערשטיקנ די אַרבעטנדיקע מאַסנ אונ באַצווינגענ די אונטערדריקטע נאַציעס.

די סאָוועטישע מעלוכע איז „...א נ ײַ ע ר ט י פ מעלוכע, וואָס איז צוגעפאַסט ניט צו די אויפגאַבנ פונ עקספּלואַטירנ אונ אונטערדריקנ די אַרבעטנדיקע מאַסנ, נאָר צו די אויפגאַבנ פונ זייער פולשטענדיקער באַפרײַונג פונ יעטווידנ דרוק אונ עקספּלואַטאַציע, צו די אויפגאַבנ פונ דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט“ [1].

די סאָוועטישע מעלוכע שטעלט מיט זיכ פאָר א פרײַוויליקנ פאַרבאַנד פונ פעלקער. זי אונטערשיידט זיכ ראַדיקאַל פונ די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס, ווו אײנע נאַציעס הערשנ אונ די אַנדערע ווערנ אונטערדריקט.

אפנ יעכאָד פונ דער פולשטענדיקער גלײַכהײַט פונ די נאַציעס האָט זיכ געבויט אונ פאַרפעסטיקט די רוסלענדישע סאָוועטישע פעדעראַטיווע סאָציאַליסטישע רעפּובליק.

---

[1] ס ט א ל י נ, פראַגנ פונ לעניניזמ, מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס“, 1941, ז. 36.

דער III אלרוסלענדישער ראטנ־צוזאמענפאָר, אפ וועלכנ כאוועט כמאליג איז ארויסגעטראָטנ מיט א פּאָרטראָג איבער דער נאציאָנאלער פראגע, האָט פּראָקלאמירט:

„די רוסלענדישע סאָציאַליסטישע סאָוועטישע רעפּובליק ווערט געגרינ־דעט אפּנ יעסאָד פונ דעם פריַיוויליקנ פארבאנד פונ די פעלקער פונ רוס־לאנד אלס פעדעראציע פונ סאָוועטישע רעפּובליקנ פונ די דאָזיקע פעלקער“.

דער V אלרוסלענדישער ראטנ־צוזאמענפאָר האָט אָנגענומענ די קאָנ־סטיטוציע פונ רספסר (10 יול 1918 י.). די קאָנסטיטוציע איז געווענ א מוסטער פאר די קאָנסטיטוציעס פונ אלע אנדערע סאָוועטישע סאָציאַליס־טישע רעפּובליקנ, וואָס זיַינענ אנטשטאנענ נאָכנ זיג פונ דער סאָציאַליס־טישער רעוואָליוציע.

די קאָנסטיטוציע פונ רספסר האָט איַינגעשטעלט דעם פּרינציפּ פונ סאָוועטישער אווטאָנאָמיע:

„די ראטנ פונ די געגנטנ, וואָס צייכענענ זיך אויס מיט א ספּעציעלנ שטייגער אונ מיטנ נאציאָנאלנ באשטאנד, קאָנענ זיך פאראייניקנ אינ אווי־טאָנאָמע געגנטלעכע פארבאנדנ, וואָס בעראָש פונ זיי, פּונקט ווי בעראָש פונ אלע געגנטלעכע פאראייניקונגענ ביכלאל, וועלכע קאָנענ אָרגאניזירט ווערנ, שטייענ די געגנטלעכע ראטנ־צוזאמענפאָרנ אונ זייערע אויס־פיר־אָרגאנענ“.

אזויארום איז דער יעסאָד פונ דער סאָוועטישער פעדעראציע געוואָרנ די אווטאָנאָמיע אפּ דער באזע פונ די ראטנ.

„די אווטאָנאָמיע — האָט געשריבנ לענינ — איז אונדזער פּלאנ פונ איַינאָרדענענ א דעמאָקראטישע מעלוכע“ [1].

סאָוועטישע אווטאָנאָמיעס האָבנ זיך אָנגעהויבנ אָרגאניזירנ אינ רספסר פונ 1918 י. אָנ. די טאָטערנ אונ באשקירנ, די קאזאכנ אונ טשוואשנ, די מארייער אונ קאלמיקנ, די אודמורטנ אונ יאקוטנ, די בארג־פעלקער, די דאגעסטאנישע אונ אנדערע פעלקער האָבנ מיט דער הילפּ פונ דעם רו־סישנ ארבעטער־קלאס באקומענ די מעגלעכקיַיט צו בויענ א ניַי, פריַי לעבנ

---

[1] „לענינ־זאמלבוך“, III, ז. 472.

אַף די יעסוידעס פֿון פֿולשטענדיקער גלײַכבארעכטיקונג פֿון אַלע פֿעלקער פֿון רוסלאַנד.

אין פֿאַרביטערטן קלאַסנקאַמף איז די פּאַרטיי בײַגעקומען דעם גרויס־מענטשישן שאָוויניזם. די פֿאָרשטייער זײַנע, וועלכע האָבן אָפּגעשפּיגלט די אינטערעסן פֿון די צעגראָמירטע עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן, האָבן גע־פּרוּווט שטערן דער בויונג פֿון אַוטאָנאָמיעס, האָבן זיך גרינגשעצנדיק באַצויגן צו די נאַציאָנאַלע באַזונדערקײַטן, צו דער נאַציאָנאַלער גלײַכבאַ־רעכטיקונג, צו די מוטערשפּראַכן פֿון די נאַציאָנאַליטעטן, צו דער פֿראַגע פֿון שאַפֿן זייער מעלוכעשאַפֿט און פֿון אַרײַנציִען די דאָזיקע נאַציאָנאַלי־טעטן אין פֿאַרוואַלטן מיט דער מעלוכע.

אין דער זעלבער צײַט האָט די פּאַרטיי געפֿירט אַ קאַמף קעגן דעם אָרטיקן נאַציאָנאַליזם. די פֿאָרשטייער זײַנע האָבן געשטרעבט אין זייערע אינטערעסן אויסצונוצן די רעכט, וועלכע די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע האָט געגעבן די פֿעלקערשאַפֿטן פֿון דער געוועזענער רוסלענדישער אימ־פּעריע. די נאַציאָנאַליסטן האָבן געפּרוּווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד די מאַס־מיטלען פֿון דער דיקטאַטור פֿונעם אַרבעטער־קלאַס און צו שטיצן דעם אײַנפֿלוס, וואָס די רעשטלעך עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן האָבן נאָך גע־האַט אויף די אַרבעטנדיקע פֿון די נאַציאָנאַלע ראַנד־געביטן.

די פֿאָרמען פֿון די אַוטאָנאָמיעס האָבן ניט געקאָנט זײַן אומעטום איינע און די זעלבע. זיי האָבן זיך געמוזט אונטערשיידן, און דעם אונ־טערשייד האָבן דיקטירט די ספּעציעלע באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָט זיך געפֿונען יעדעס פֿאָלק. דער מאָס אָבער פֿון די פֿאַרשיידענע אַוטאָנאָ־מיעס (אַוטאָנאָמע רעפּובליק, אַוטאָנאָמע געגנט) איז געווען איינער — די נאַציאָנאַלע פֿאָרם פֿון דער דיקטאַטור פֿונעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס דער ציל אירער איז שאַפֿן ברידערלעכע צווישנבאַציִונגען און מיטאַרבעט צווישן די פֿעלקער אויף דער באַזע פֿון געמיינזאַמער טעריטאָריע, געמיינזאַמער עקאָנאָמיק און געמיינזאַמער בויונג פֿונעם סאָציאַליזם.

די אַוטאָנאָמיעס זײַנען פֿאַרווירקלעכט געוואָרן דורך שאַפֿן נאַציאָנאַל־מעלוכישע פֿאַראייניקונגען, דורך שאַפֿן מאַכט־אָרגאַנען פֿון פֿאָרשטייער פֿון די גרונט־נאַציאָנאַליטעטן, דורך אָרגאַניזירן נאַציאָנאַלע שולן און אָרטיקע בילדונגס־אַנשטאַלטן, דערבײַ איז פֿולשטענדיק גאַראַנטירט געוואָרן די

פרײַע אַנטװיקלונג פֿון דער מוטערשפּראַך און איר גלײַכבאַרעכטיקונג אין אַלע געביטן פֿונעם נעזעלשאַפֿטלעכ־פּאָליטישן לעבן.

די סאָװעטישע פֿעדעראַטיװע מעלוכע, װאָס באַזירט זיך אַפֿ סאָװעטישער אױטאָנאָמיע, אונטערשײדט זיך פּרינציפּיעל פֿון אַלע בורזשואַזע פֿעדעראַטיװע מעלוכעס.

אין אַפּרעל 1918 י. האָט כאַװער סטאַלין געהאַט אַ שמועס מיט אַ קאָרעספּאָנדענט פֿון „איזװעסטיאַ“ איבער דער פֿראַגע װעגן דער אָרגאַניזירונג פֿון רספֿסר. באַראַקטעריזירנדיק די בורזשואַזע פֿעדעראַציעס, האָט ער געזאָגט, אַז פֿון אַלע עקזיסטירנדיקע פֿעדעראַטיװע פֿאַרײניקונגען איז פֿאַר דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער אָרדענונג אַמערסטן באַראַקטעריסטיש די אַמעריקאַנישע פֿעדעראַציע און די שװײצער פֿעדעראַציע. כאַװער סטאַלין האָט אָנגעװיזן, אַז די דאָזיקע פֿעדעראַציעס זײַנען שױן פֿאַקטיש פֿון לאַנג אוניטאַרע מעלוכעס. דערבײַ האָט כאַװער סטאַלין אָנגעמערקט, אַז „דער דאָזיקער גאַנצער אַנטװיקלונגס־פּראָצעס — פֿון אומאָפּהענגיקײַט צו אוניטאַריזם — איז געגאַנגען דורך אַ רײ גװאַלדטאַטן, אונטערדריקונגען און נאַציאָנאַלע מילכאָמעס“.

אין דער שװײץ, אַשטײגער, האָט אַ טײל קאַנטאָנען אין 1845 י., אונטער דער װירקונג פֿון קאַטױלישע גאַלאָכים, זיך פֿאַראײניקט אין אַ „באַזונדערן פֿאַרבאַנד“ און האָט זיך באַשלאָסן אָפּטײלן פֿון די איבעריקע קאַנטאָנען. די ראַדיקאַלן, װאָס האָבן געשטרעבט צו דער פֿאַראײניקונג פֿונעם לאַנד, האָבן געװומען באַדערן, אַז מע זאָל פֿאַנאַנדערלאָזן דעם פֿאַרבאַנד. דאָס האָט אַרױסגערופֿן אַ בירגערקריג, װאָס האָט זיך אין 1847 י. געענדיקט מיט דער קריגס־מאַפּאָלע פֿון דעם „באַזונדערן פֿאַרבאַנד“. די דאָזיקע „פֿאַראײניקונג“ איז אָבער דערגרײכט געװאָרן אַפֿ אַ גװאַלט־אופֿן. ביז הײַנטיקן טאָג האָבן זיך אין דער שװײץ אײַנגעהיט װידערשפּרוכן צװישן באַזונדערע קאַנטאָנען, און דער קאַפּיטאַליזם איז ניט בעקױעכ זײ צו לײזן.

אין די יאָרן 1861—1865 איז אין די פֿאַראײניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע אַנטשטאַנען אַ בירגערקריג צװישן די צאָפֿנדיקע און דאָרעמדיקע שטאַטן; די דאָרעמדיקע שטאַטן האָבן בעדײע געהאַט אָפּצוטײלן זיך פֿונעם פֿאַרבאַנד. אױך דאָ האָט דער צאָפֿן אױסגעדריקט אַ מער דעמאָקראַטישע טענדענץ אין פֿאַרגלײַך מיטן שקלאַפֿנבאַזיצערישן דאָרעם. די מיל־

כּאָמע האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס דער דאָרעם האָט געכאַפּט אַ מאַפּאָלע. דאָס האָט אָבער ניט פאַרניכטעט די ווידערשפּרוכן צווישן דעם אינדוסטריעלן צאָפן און דעם אגראַרן דאָרעם — ווידערשפּרוכן, וואָס קאָנען באַם קאַפּיטאַליזם ניט געלייזט ווערן.

נאָך פאַרן בירגערקריג פון די יאָרן 1861—1865 פלעגט זיך די טעריטאָריע פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע פאַרברייטערן ווײַט ניט מאַכמעס דעם, וואָס די באַפעלקערונג פון די ענגעשלאָסענע טעריטאָריעס האָט אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך דעם, גאַנצע אָפּט פלעגט עס דורכגעמאַכט ווערן דורך האַנדלס-אָפּמאַכן און מילכאָמעס. אין 1803 י. אַשטייגער האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע געקויפט בײַ פראַנקרײַך לויזיאַנאַ, וווּ די נעגערן געפינען זיך ביז הײַנט צו טאָג אין אַ האַלב-קנעכטישער לאַגע. אין 1819 י. האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן געקויפט בײַ שפּאַניע פלאָרידע. אין רעזולטאַט פון דער מילכאָמע מיט מעקסיקע אין די יאָרן 1846—1848 איז צו די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע אַריבער טעקסאַס אאַוו.

די בורזשואַזע פעדעראַטיווע מעלוכעס טראָגן נאָר בלויז דעם נאָמען פעדעראַטיווע. פּאַקטיש אונטערשיידן זיי זיך אין קיין האָר ניט פון די „אוניטאַרע“ מעלוכעס, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר איינע ביוראָקראַטישע צענטראַליזירטע מעלוכע, וועלכע טיילט זיך ניט אין קיין שום „זעלבשטענדיקע“ און „פאַרבאַנדישע“ טיילן. אינעם מאָמענט פון די שאַרפע קלאַסנשלאַכטן קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט וואַרפט די בורזשואַזיע אָפּ דאָס לעצטע ביסל „פאַרבאַנדישע“ קלאַפּערגעצײַג, קעדיי צו צענטראַליזירן איר דיקטאַטאָרישע מאַכט. דאָס לאָזט זיך באַזונדערס בוילעט פילן אויפן בײַשפּיל פון דײַטשלאַנד, וואָס האָט זיך ביזן 1933 י. פאָרמעל גערעכנט פאַר אַ „פאַרבאַנדישער מעלוכע“.

דערפון איז צו זען, אַז וועגן דער „פּריווילעגיע“ פון פאַרבאַנד אין די בורזשואַזע פאַרבאַנדישע מעלוכעס קאָן גאָר קיין רייד ניט זײַן.

און פאַרקערט, די פאַראייניקונג פון די פעלקער אין דער סאָוועטישער מעלוכע דרינגט אַרויס פון די פּרינציפּן פון דער לענין-סטאַלינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק און קומט פאָר אויפן יעסאָד פון דעם, וואָס די אַרבעטנדיקע גופע פון די סאָוועטישע נאַציעס שטרעבן פרײַוויליק צו פאַראייניקן

זיך אין איין פאַרבאַנדישער מעלוכע. אין דעם ראַזיקן פרייוויליקן פאַרבאַנד פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע נאַציעס דריקט זיך אויס דער זין פון דער לענין־סטאַלינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק און די מעכטיקייט פון דער סאָ־וועטישער פאַרבאַנדישער מעלוכע.

אַדאַנק דער ענגער און אָרגאַנישער פאַרבינדונג צווישן דעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס און די אַרבעטנדיקע פון די פריִער אונטערדריקטע נאַציאָ־נאַליטעטן איז לייכטער געווען צו פאַרענדיקן זיגרייך דעם בירגערקריג, און די ראַזיקע פאַרבינדונג איז אויך געוואָרן אַ פעסטע באַזע פאַר דער סאָ־ציאַליסטישער בויונג. די ענגע פאַרבינדונג צווישן די אַרבעטנדיקע פון די גלייכבארעכטיקטע פעלקער האָט פאַרפעסטיקט די פילנאַציאָנאַלע מעלו־כע — רספסר, האָט געזיכערט דעם זיג פון די אַנדערע אומאָפּהענגיקע סאָוועטישע רעפּובליקן און האָט צוגעגרייט די אויסבילדונג פון דער ענ־גער פאַראייניקונג פון אַלע סאָוועטישע רעפּובליקן אין איין פאַרבאַנדישער מעלוכע — דעם פאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן.

## דער סאָוועטישער פרייוויליקער פאַרבאַנד פון די גלייכבארעכטיקטע פעלקער

דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פאַר דער סאָציאַליסטישער פילנאַ־ציאָנאַלער מעלוכע איז די פ ר ײ װ י ל י ק ײ ט פון דער פאַראייניקונג פון די גלייכבארעכטיקטע פעלקער.

אין פאַרביטערטן קלאַסנקאַמף קעגן די עקספּלואַטאַטאָרן איז דערזאָ־בערט געוואָרן די פרייהייט און גלייכהייט פון די פעלקער, איז געשאַפן און פאַרפעסטיקט געוואָרן דער פרייוויליקער מיליטעריש־פּאָליטישער אוןווירטשאַפטלעכער פאַרבאַנד צווישן רספסר און די אומאָפּהענגיקע סאָווע־טישע רעפּובליקן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין רעזולטאַט פון די זיגן פון דער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. אין די באַדינגונגען פונעם פאַרביטערטן ווידערשטאַנד מיצאַד די עקספּלואַטאַטאָרן, אין די באַדינגונ־גען פון דער אינטערווענציע פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָבן די אומ־אָפּהענגיקע סאָוועטישע רעפּובליקן זיך געקאָנט שטיצן בלויז אָפּ רספסר.

שוין אין נאָיאַבער 1918 י. האָט די צייטווייליקע אַרבעטער־פּויערשע

רעגירונג פונ אוקראַינע אינ איר מאַניפעסט פּראָקלאַמירט די אײנהײט פונ די סאָוועטישע רעפּובליקנ.

דעם 26 יאנוואר 1919 י. האָט די צײַטווײַליקע ארבעטער-פויערשע רעגירונג פונ אוקראַינע דערקלערט:

„די ענגע היסטאָרישע, עקאָנאָמישע אונ קולטורעלע פארבינדונג פונ דער ארבעטערשער אונ פויערשער אוקראַינע מיט סאָוועטנ-רוסלאנד ליגט ארופ אפ אונדז א פליכט אויסצוגלײַכנ אונדזער רעוואָלוציאָנערנ קלאסנ-פראָנט קיידעמקאָל מיטנ פראָנט פונעמ רוסלענדישנ פּראָלעטאריאט. די סאָנים פונ סאָוועטנ-רוסלאנד דערקלערנ מיר פאר סאָנים פונ סאָוועטנ-אוקראַינע. מיר האָבנ אלצײַנע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע אונ מיליטערישע אופגאבנ. דער קאמפ קעגנ די ווײַסגווארדייער, דער קאמפ קעגנ דעם אימפּעריאַליזם פונ די פארבינדעטע אונ דער קאמפ קעגנ דער אוקראַינישער בורזשואזיע אינ דער פּערזאָנ פונ דער דירעקטאָריע איז אינ אײנ אונ דער זעלבער מאָס אנ אומבאדינגטער טנײַ פאר דער פארפעסטיקונג פונ דער ראטנמאכט סײַ אינ רוסלאנד סײַ אינ אוקראַינע. פולשטענדיק צעגראָמירנ די רוסישע בורזשואזיע אונ די רוסישע פריצים איז א באדינג ניט בלויז פאר דער פארפעסטיקונג פונ דער ראטנמאכט אינ רוסלאנד, נאָכ אויכ אינ אוקראַינע.

דאָס אלצ לײזט די פראגע וועגנ דער פארײניקונג פונ דער אוקראַינישער סאָוועטישער רעפּובליק מיט ראטנ-רוסלאנד אפ די יעסוידעס פונ סאָציאַליסטישער פעדעראציע, וואָס די פאָרמענ אירע וועלנ אײַנגעשטעלט ווערנ דורכ די פולמעכטיקע פאָרשטייער אפנ אלוקראַינישנ ראטנ-צוזאַמענפאָר“.

דעם 18 מײַ 1919 י. האָט דער ציק פונ אוססר באופטראָגט זײַנ פּרעזידיום צו ווענדנ זיכ צו אלע סאָוועטישע רעפּובליקנ מיט א פאָרשלאָג צו פארײניקנ אלע מאַטעריעלע מיטלענ, וואָס זײַנענ נײטיק אפ צו פירנ דעם קאמפ פאר פארטײדיקנ די ראטנמאכט.

וועגנ דעם ענגנ בונד מיט רספסר האָט זיכ גערעדט אויכ אינ די באַשטימונגענ פונ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער רעגירונג.

אינ רעזולטאט פונ דער פארשטענדיקונג צווישנ רספסר אונ אנדערע סאָוועטישע רעפּובליקנ איז דעם 1 יונ 1919 י. ארויס א דעקרעט פונעמ וציק רספסר וועגנ דער פארײניקונג פונ די סאָוועטישע רעפּובליקנ: רוס-

לאנד, אוקראינע, ווײַסרוסלאנד און אנדערע צומ קאמפ קעגנ דעמ וועלט־אימפּעריאליזמ. לויט דעקרעט זײַנענ פאראייניקט געוואָרנ פאָלגנדיקע פאר־וואלטונג־צווײַגנ: מיליטער, ווירטשאפט, טראנספּאָרט, פינאנסנ און ארבעט.

די פאראייניקונג איז אָבער ניט פארווירקלעכט געוואָרנ מאכמעס דעמ, וואָס די אימפּעריאליסטנ האָבנ אָנגעהויבנ די אינטערווענציע. אָבער ווי נאָר די טעריטאָריעס פונ די סאָוועטישע רעפּובליקנ האָבנ אָנגעהויבנ באפרײַט ווערנ פונ די ווײַסגווארדייער און אינטערווענטנ, האָבנ זײ ווידעראמאָל גע־נומענ אײַנשטעלנ אנ ענגנ קאָנטאקט צווישנ זיכ.

דעמ 28 יאנואר 1920 י. האָט דער אלוקראאינישער רעוואָליוציאָנערער קאָמיטעט אָנגענומענ א באשלוס וועגנ פאראייניקנ אוססר מיט רספסר. די דעקרעטנ פונ רספסר זײַנענ ארײַנ אינ קראפט אויכ אפ דער טעריטאָריע פונ אוקראינע אינ די פראגנ פונ: מיליטער־וועזנ, דערנערונג, פאָלקסווירט־שאפט, ארבעט, סאָציאלע פארזיכערונג, פארקער־וועגנ, פינאנסנ, פאָטשט און טעלעגראפ.

דער IV אלוקראאינישער ראטנ־צוזאמענפאָר האָט באשטעטיקט די בא־שטימונג פונעם אלוקראאינישנ רעווקאָמ און האָט דערקלערט, אז „אײַנהײ־טנדיק איר זעלבשטענדיקע מעלוכע־קאָנסטיטוציע, איז אוססר א מיטגליד פונ דער אלרוסלענדישער סאָציאליסטישער סאָוועטישער פעדעראטיווער רע־פּובליק". קעדײַ אויסצופילנ דעמ דאָזיקנ באשלוס, האָט דער IV ראטנ־צוזאמענפאָר פונ אוססר אויסגעוויילט 30 פאָרשטייער אינ באשטאנד פו־נעמ וציק רספסר, און דעמ 29 דעקאבער 1920 י. האָט דער VIII אל־רוסלענדישער ראטנ־צוזאמענפאָר באשטעטיקט דעמ פארבאנד־אָפּמאכ צווישנ אוססר און רספסר.

דעמ 16 יאנואר 1921 י. איז געשלאָסנ געוואָרנ אנ אָפּמאכ צווישנ רספסר און וססר. לויט דעמ דאָזיקנ אָפּמאכ זײַנענ די פאָלקאָמאטנ פונ וססר פאראייניקט געוואָרנ מיט די פאָלקאָמאטנ פונ רספסר. כוץ דעמ האָט וססר געשיקט אירע פאָרשטייער אינעמ וציק.

די סאָוועטישע רעפּובליקנ פונ טראנסקאווקאז, וואָס האָבנ זיכ דאָרט אויסגעבילדעט נאָכנ זיג פונ דער ראטנמאכט, זײַנענ אויכ ארײַנגעטראָטנ אינ ענגע באציונגענ מיט רספסר. אשטייגער, אינ דער ווענדונג, מיט וועל־כער דער קריגס־רעוואָליוציאָנערער קאָמיטעט פונ דער אזערבײַדזשאנישער

סאָוועטישער אומאָפּהענגיקער רעפּובליק האָט זיך געווענדט צו סאָוועטנ־רוסלאַנד, איז געשטאַנען:

„ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט מיט אייגענע קרעפטן אײַנצוהאַלטן דעם אָנגריף פון די פּאַרייניקטע באַנדעס פון דער אויסערלעכער און אי־נערלעכער קאָנטררעוואָלוציע, ליגט פאָר דער קריגס־רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט דער רעגירונג פון דער רוסלענדישער סאָוועטישער רעפּובליק אַרײַנצוטרעטן אין אַ ברידערלעכן פאַרבאַנד צום געמיינזאַמען קאַמף קעגן דעם וועלט־אימפּעריאַליזם“.

דער רעזולטאַט איז געווען, אז דעם 30 סעפּטעמבער 1920 י. איז גע־שלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן רספסר און דעם סאָוועטישן אַזערבײַ־דזשאַן וועגן אַ מיליטעריש־עקאָנאָמישן פאַרבאַנד און אַ ריי פאַרשטענדיקונ־גען וועגן אַנדערע אויסערסט וויכטיקע פראַגן. אַנאַלאָגישע אָפּמאַכן זײַנען געשלאָסן געוואָרן מיט גרוזיע (21 מײַ 1921 י.) און מיט אַרמעניע (סענ־טיאַבער 1921 י.). דעם 12 מאַרטש 1922 י. איז געשאַפן געוואָרן די טראַנסקאַווקאַזער סאָוועטישע פעדעראַטיווע סאָציאַליסטישע רעפּובליק, אין וועלכער עס זײַנען אַרײַן: די אַזערבײַדזשאַנישע, אַרמענישע און גרוזיני־שע ססר.

ריידנדיק וועגן דער סאָוועטישער פעדעראַציע, האָט לענין זי באַטראַכט „...אַלס איבערגאַנג צו באַוווּסטזיניקער און ענגערער אייניקייט פון די אַרבעטנדיקע, וועלכע האָבן זיך אויסגעלערנט פרײַוויליק צו שטעלן זיך העכער פון דער נאַציאָנאַלער סינע“[1].

אָפּמערקנדיק אַפן XII פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר די פּרינציפּן פון דער אויסבילדונג פון פססר, האָט כאַווער סטאַלין אונטערגעשטראָכן: „דער יע־סאָד פונעם דאָזיקן פאַרבאַנד איז די פרײַוויליקייט און די רעכטלעכע גלײַכהייט פון די מיטגלידער פונעם פאַרבאַנד“[2].

„מיר — האָט געשריבן לענין — ווילן אַ פרײַוויליקן פאַרבאַנד פון נאַציעס, — אַזאַ פאַרבאַנד, וואָס זאָל ניט דערלאָזן קיין שום גוואַלד־

---

[1] לענין, ב. XXII, ז. 372.

[2] סטאַלין, מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע, ז. 148, גאָס־פּאָליטיזדאַט, 1939 י.

טאט פֿון איין נאציע איבער דער צווייטער, — איזא פֿאַרבאַנד, וואָס זאָל זיך באַזירן אויף דעם פֿולשטענדיקן צוטרוי, אויף קלאָרן פֿאַרשטיין די ברי־דערלעכע איינהייט, אויף א פֿולשטענדיק פֿרייוויליקן פֿרייַנטלעכן צוזאַמענ־לעבן"[1].

„...קיין שום פֿאַרבאַנד פֿון פֿעלקער, — האָט אָנגעוויזן כאַווער סטאַלין, — קיין שום פֿאַרייניקונג פֿון פֿעלקער אין אן איינהייטלעכער מע־לוכע קאָן ניט זיין פֿעסט, אויב זי האָט ניט אלס יעסאָד די פֿולשטענדיקע פֿרייוויליקייט, אויב דאָס געגעבענע פֿאָלק, אויב די פֿעלקער גופֿע ווילן זיך ניט פֿאַראייניקן"[2].

די פּאַרטיי האָט פּרינציפּיעל און אויפֿמערקזאַם צוגעגרייט די אויסביל־דונג פֿונעם מעלוכע־פֿאַרבאַנד צווישן אלע אומאָפּהענגיקע סאָוועטישע רע־פּובליקן, געדענקענדיק אָן לענינס אָנווייזונג, אז „...אזא פֿאַרבאַנד קאָן ניט פֿאַרווירקלעכט ווערן מיטאַמאָל; צו אים דאַרף מען זיך אַרופּאַרבעטן מיטן גרעסטן געדולד און פּרינציפּיקייט, קעדיי ניט צו פֿאַטערן די גאַנצע זאַך, קעדיי ניט אַרויסצורופֿן קיין אומצוטרוי, קעדיי לאָזן אויסלעבן דעם אומ־צוטרוי, וואָס איז געבליבן פֿון יאָרהונדערטער אונטערדריקונג מיצאַד די פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, פֿון יאָרהונדערטער פּריוואַט־אייגנטום און סי־נע איבער דעם צעטיילן און איבערפֿאַרטיילן עס"[3].

ערשט נאָך פֿינף יאָר (1917—1922) געמיינזאַמע העראָישע אָנשטרענ־גונגען פֿון די אַרבעטנדיקע פֿון אלע נאַציאָנאַליטעטן אויף די מיליטערישע און ווירטשאַפֿטלעכע פֿראָנטן איז מעגלעך געוואָרן, אז די מעכטיקע באַוועּ־גונג פֿאַר דער פֿאַראייניקונג פֿון די רעפּובליקן זאָל אָוועקשטעלן די פֿראַגע וועגן שאַפֿן איין פֿאַרבאַנדישע מעלוכע.

די פּאַרטיי איז געשטאַנען בעראָש פֿון דער דאָזיקער באַוועגונג, האָט אָנגעפֿירט מיט איר. לענינס און סטאַלינס איניציאַטיוו אין שאַפֿן די פֿאַרבאַנדישע מעלוכע האָט געפֿונען א ברייטן אָפּקלאַנג צוערשט אין

---

[1] לענין, ב. XXIV, ז. 657.

[2] סטאַלין, מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פֿראַגע, ז. 148, גאָס־פּאָליטיזדאַט, 1939 י.

[3] לענין, ב. XXIV, ז. 657.

אזערבײַדזשאַן, דערנאָך אין אַרמעניע און גרוזיע. צו די דאָזיקע רעפּובליקן האָט זיך איינגיכן אָנגעשלאָסן אוקראַינע און ווײַסרוסלאַנד.

דער דאָזיקער באַוועגונג האָבן אָבער געשטעלט א ווידערשטאַנד די נאַציאָנאַליסטן. עמעס, די באַוועגונג פאַר דער פאַרייניקונג איז געווען אַזוי מעכטיק, אַז אָפן אַרויסטרעטן קעגן איר האָבן די נאַציאָנאַליסטן ניט געוואגט. האָבן זיי געפּרוּווט אַף קאָלערליי אויפאַנים צו פאַרקריפּלען דעם זיג און די באַדײַטונג פונעם פאַרבאַנד. די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן איינגעם מיט די טראָצקיסטן האָבן געשטרעבט אָפּצושוואַכן און צו פאַרקריפּלען די באַדײַטונג פונעם פאַרבאַנד דערמיט, וואָס זיי האָבן געפּרוּווט שטערן דער צונויפגיסונג פון אַזוינע פאַלקאָמאַטן, ווי דער פאָלקאָמוויסעןרן און פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערן-האַנדל, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט די סאָוועטישע רעפּובליקן פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. שטערן דער באַוועגונג פאַר אויסבילדן א פאַרבאַנדישע מעלוכע האָבן געפּרוּווט אויך די גרוזינישע און אַנדערע נאַציאָנאַליסטן.

די פּאַרטיי האָט באַוויזן, אַז די זיגן אַף די פראָנטן פון בירגערקריג לייזן נאָך ניט דעם ענדגילטיקן אויסגאַנג פון קאַמף. וויבאַלד די קאַפּיטאַליסטישע אַרומרינגלונג עקזיסטירט, איז מעגלעך, אַז די אימפּעריאַליסטן וועלן זיך לאָזן אַף נײַע פּראָוואָקאַציעס. שטעלן א ווידערשטאַנד די דאָזיקע פּראָוואָקאַציעס קאָן מען בלויז בא אן ענגער פאַרייניקונג פון אַלע מענטשלעכע און מאַטעריעלע רעסורסן פון די סאָוועטישע רעפּובליקן.

אין זײַן פּאָרטראָג איבער דער פראַגע וועגן דער אויסבילדונג פון פססר האָט כאַווער סטאַלין אַפן X ראַטן-צוזאַמענפאָר פון רספסר דעם 26 דעקאַבער 1922 י. אונטערגעשטראָכן דרײַ גרופּעס אומשטענדן, וואָס האָבן דיקטירט די נייטיקײַט דערפון, אַז די סאָוועטישע רעפּובליקן זאָלן זיך פאַרייניקן אין איין פאַרבאַנדישער מעלוכע.

די ערשטע גרופּע אומשטענדן האָט א שײַכעס צו דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע. קעדיי צו באַקעמפן דעם כורבן און קעדיי צו זיכערן די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער ווירטשאַפט, האָט מען געדאַרפט פאַרייניקן אַלע ווירטשאַפטלעכע און פינאַנסיעלע רעסורסן, אַלע מיטלען פון פאַרקער, פאַרבינדונג אאַוו. קעדיי אַלע סאָוועטישע רעפּובליקן זאָלן גיין באַרגאַרוף, האָט מען געדאַרפט פּלאַנמעסיק אויסנוצן די היסטאָריש אויסגעביל-

דעטע ארבעטס־צעטיילונג צווישן די פארשיידענע ראיאָנען (מאנופאקטו. אין צאָפן, הייצווארג און בוימוואָל אין דאָרעם און אין מיזרעך אאזו.).

די צווייטע גרופע אומשטענדן איז ארויסגעדרונגען פון אויסערלעכע סיבעס, קוידעמקאָל פון דער קריגס־לאגע פון די סאָוועטישע רעפובליקן אין די באדינגונגען פון דער קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג.

כאָווער סטאלין האָט געזאָגט, אז מע דארף „...געדענקען, אז ניט געקוקט דערויף, וואָס אונדזערע רעפובליקן זיינען גליקלעך ארויסגעגאנגען פונעם צושטאנד פון בירגערקריג, איז די געפאר פון אן אויסערלעכן אָנפאל קלאל ניט אויסגעשלאָסן. די האָזיקע געפאר פאָדערט, אז אונדזער קריגס־פראָנט זאָל זיין אבסאָליוט איינהייטלעך, אז אונדזער ארמיי זאָל אומבאדינגט זיין איינהייטלעך...“ [1].

כוץ דעם האָט מען געמוזט גאראנטירן די סאָוועטישע רעפובליקן פון עקאָנאָמישער איזאָליאציע. אין 1922 י. זיינען אין גענוע און האאג פאָרגעקומען „עקאָנאָמישע“ קאָנפערענצן. אהער האָבן די באנקראָטירטע אינטערווענטן איינגעלאדן אויך פאָרשטייער פון די סאָוועטישע רעפובליקן, קעדיי צו פירן אונטערהאנדלונגען. זיי האָבן געהאָפט אָפ אזא אויפן באקומען די מעגלעכקייט צו אָרגאניזירן א „פרידלעכע“ אינטערווענציע. די אימפעריאליסטן האָבן געפאָדערט באצאָלן אלע מילכאָמע־כויוועס און פארמילכאָמע־כויוועס, אומקערן די אויסלענדישע אונטערנעמער דאָס אייגנטום, וואָס איז בא זיי נאציאָנאליזירט געוואָרן און געבן די אויסלענדישע קאפיטאליסטן אין די סאָוועטישע רעפובליקן אזוינע רעכט און פריווילעגיעס, וואָס וואָלטן פארוואנדלט די יונגע סאָציאליסטישע מעלוכע אין א האלב־קאָלאָניע. דעם 22 פעווראל 1922 י. האָבן די סאָוועטישע רעפובליקן אונטערגעשריבן א פארשטענדיקונג וועגן ארויסטרעטן געמיינזאם אָפ דער גענועער קאָנפערענץ און וועגן איבערגעבן רספסר דאָס רעכט זיי צו רעפרעזענטירן. די סאָלידארישע ארויסטרעטונג פון אלע פארבאנדישע רעפובליקן האָט געבראכט דערצו, אז די פרווון פון די אימפעריאליסטן צו

---

[1] סטאלין, מארקסיזם און די נאציאָנאל־קאָלאָניאלע פראגע, ז. 120, גאָסקאָליטיזדאט, 1939 י.

„גאַניזירן אַ „פרידלעכע“ אינטערווענציע זײַנען דורכגעפאַלן. רײדנדיק װעגן דעם, האָט כאַװער סטאַלין געזאָגט:

„...די דאָזיקע נײַע אינטערװענציע־פאָרם, װאָס איז ניט װײניקער געפער־לעך איידער די קריגס־אינטערװענציע, קאָן באַזײַטיקט װערן בלױז דורך שאַפן אַן איינהײטלעכן עקאָנאָמישן פראָנט פון אונדזערע סאָװעטישע רע־פובליקן קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג“[1].

באַגלײַך דערמיט האָט כאַװער סטאַלין אונטערגעשטראָכן, װי נײטיק עס איז די פאַרייניקונג פונעם דיפּלאָמאַטישן פראָנט.

די דריטע גרופּע אומשטענדן דרינגט אַרױס פון דער קלאַסן־נאַטור פון דער סאָװעטישער מאַכט און פון איר אינטערנאַציאָנאַלן טאָג. כאַװער סטאַלין האָט אָנגעװיזן:

„...אױב דאָרט, זאָג איך, אין מײַרעװ, װוּ עס הערשט די קאַפּיטאַליס־טישע דעמאָקראַטיע און װוּ די מעלוכעס באַזירן זיך אױף פּריװאַטן אײגנ־טום, איז שױן די עצעם באַזע פון דער מעלוכע ברענגט צו קעגנזײַטיקע נאַציאָנאַלע רײַסערײַען, קאָנפליקטן און קאַמף, איז דאָ, אין דער ראַטן־װעלט, װוּ די מאַכט איז געבױט ניט אױפן קאַפּיטאַל, נאָר אױף אַרבעט, װוּ די מאַכט איז געבױט ניט אױף פּריװאַט־אײגנטום, נאָר אױף קאָלעקטיװן אײ־גנטום, װוּ די מאַכט איז געבױט ניט אױף עקספּלואַטאַציע פון מענטש דורך מענטש, נאָר אױפן קאַמף קעגן דער דאָזיקער עקספּלואַטאַציע, דאָ, פאַר־קערט, איז די נאַטור גופע פון דער מאַכט ברענגט דערצו, אַז די אַרבע־טנדיקע מאַסן זאָלן נאַטירלעך שטרעבן צו פאַראײניקן זיך אין אײן סאָ־ציאַליסטישער מישפּאָכע“[2].

אָט דאָס זײַנען די אומשטענדן, װאָס זײַנען געװאָרן דער יעסאָד פאַר דער אױסבילדונג פון פססר. אַרױסגײענדיק פון זײ, האָבן די פאָרשטײער פון די פיר פאַרײניקטע רעפּובליקן (רספסר, אוססר, טראַנסקאַװקאַזער ספסר, װססר) אױפן I ראַטן־צוזאַמענפאָר פון פססר (30 דעקאַבער 1922 י.) אָנגענומען, לױט כאַװער סטאַלינס פאָרשלאָג, די דעקלאַראַציע און דעם

---

[1] סטאַלין, מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע, ז. 120, גאָס־פּאָליטיזדאַט, 1939 י.

[2] דאָרטן, ז. 121.

אָפּמאַכ וועגנ דער אויסבילדונג פונ פּססר. אזוי האָבנ די פעלקער פונ די דאָזיקע רעפּובליקנ באשטעטיקט זייער פולשטענדיקע גרייטקײט צו גיינ ווײַטער אינעמ באהעפטנ פראָנט פונ דער איינהײטלעכער סאָציאַליסטישער פארבאנדישער מעלוכע.

„בלויז אינעמ לאגער פונ די ראטנ, — איז געשטאנענ אינ דער דע-קלאראציע וועגנ דער אויסבילדונג פונ פּססר, — בלויז אינ די באדינגונ-גענ פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט, וואָס האָט באהעפט ארומ זיכ די מערהײט באפעלקערונג, איז געוואָרנ מעגלעכ צו פארניכטנ ביזנ גרונט די נאציאָנאלע אונטערדריקונג, צו שאפנ באדינגונגענ פונ קעגנזײַ-טיקנ צוטרוי און צו פארלייגנ די יעסוידעס פונ ברידערלעכער מיטארבעט פונ די פעלקער".

קעדיי ענדגילטיק צו פארפעסטיקנ דעמ דאָזיקנ זיג, האָט מענ נאָכ גע-דארפט צעקלאפּנ אויכ די שפּעטערדיקע אינטריגעס פונ די נאציאָנאליסטנ, טראָצקיסטנ און בוכארינצעס, וואָס האָבנ ניט איינ מאָל נאָכ געפּרוווט צו פארקריפּלענ דעמ מאָכ פונעמ פארבאנד.

נאָכ פארנ XII פארטיי-צוזאמענפאָר און אפנ צוזאמענפאָר גופא (אַפּריל 1923 י.) האָט כאווער סטאלינ גערעדט וועגנ דעמ, ווי נייטיק עס איז אינ באשטאנד פונעמ פארבאנדישנ ציק אויסבילדנ אפּ יעסוידעס פונ גלײַכהײט א צווייטע פּאלאטע — דעמ אָרגאנ פונ דער פאָרשטייערשאפט פונ די נאציאָנאליטעטנ. ארויסטרעטנדיק אפנ XII פארטיי-צוזאמענפאָר, האָט כאווער סטאלינ דעמאסקירט דעמ טראָצקיסטיש-נאציאָנאליסטישנ פּראָיעקט פונ שאפנ א נאציאָנאליטעטנ-פּאלאטע אפנ יעסאָד פונ דער אומ-גלײַכהײט פונ די רעפּובליקנ און נאציאָנאליטעטנ. לויטנ טראָצקיסטיש-נאציאָנאליסטישנ פּראָיעקט האָט אוקראינע, צומ בײַשפּיל, געזאָלט האָבנ גאָר אנדערע רעכט אָנטיילצונעמענ אינעמ העכסטנ מאכט-אָרגאנ פונ דער מעלוכע, ווי די טאָטערישע, באשקירישע און אנדערע אווטאָנאָמע רעפּוב-ליקנ.

די אווטאָנאָמע רעפּובליקנ האָבנ, לויטנ טראָצקיסטיש-נאציאָנאליסטישנ פּראָיעקט, אינגאנצנ ניט געזאָלט האָבנ קיינ פאָרשטייער אינ דער צווייטער פּאלאטע — אינעמ נאציאָנאליטעטנ-ראט. אפנ XII פארטיי-צוזאמענפאָר האָט כאווער סטאלינ קוואליפיצירט דעמ דאָזיקנ פּראָיעקט, אלס פּרינצי-

שע סיסטעם פון שאפן א פעדעראציע (א סיסטעם, וואָס איז געבויט אױפֿ דער אומגלייכהייט פון מעלוכעס), דערביי האָט ער אין זינען געהאט די פריווילעגיעס, וואָס דאָס יונקערישע פּרייסן האָט געהאט אין אלטן פאַרבאַנדישן ראט אין פאַרגלייך מיט די אנדערע מיטגלידער פון דער דייטשישער פעדעראציע (בייערן, ווירטענבערג אא.). כאַווער סטאלין האָט אויך דעמאַסקירט די אינטריגעס פון דעם פּאַרטעטער בוכאַרינ, וואָס האָט אפּן XII פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר פאַרטיידיקט די נאַציאָנאַליסטן.

כאַווער סטאלין, דער אָרגאַניזאַטאָר פונעם פּאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן, איז געווען, צוגלייך דערמיט, אויך דער שעפער פון זיין קאָנסטיטוציע, וואָס איז ענדגילטיק באַשטעטיקט געוואָרן אפּן II אַלפּאַרבאַנדישן ראטן-צוזאַמענפאָר אָנהייב 1924 י.

עס איז געוואַקסן און האָט זיך פאַרברייטערט דער פּאַרבאַנד, און צוגלייך דערמיט זיינען אַלץ מער געוואַקסן די נאַציעס, זיי האָבן זיך אַלץ מער אַנטוויקלט, אָרגאַניזירט און פאַרפעסטיקט. אין רעזולטאַט דערפון זיינען באַזונדערע נאַציעס אריבערגעגאַנגען פון איין פאָרם פון נאַציאָנאַלער מעלוכעשאַפט צו דער צווייטער. אין 1924 י., אשטייגער, איז דורכגעפירט געוואָרן די נאַציאָנאַלע פּאַנאַנדערגרענעצונג פון דער סאָוועטישער מיטל-אַזיע (איינגעשלאָסן בוכאַראַ און כאָרעזם), און עס האָבן זיך אויסגעבילדעט די טורקמענישע און אוזבעקישע פאַרבאַנדישע רעפּובליקן. אין 1929 י. איז אין פּאַרבאַנד אריינגעטראָטן די טאַדזשיקישע רעפּובליק, וואָס איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן פון אַן אַווטאָנאָמער רעפּובליק אין א פאַרבאַנדישער.

איידער עס איז אָנגענומען געוואָרן די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע, איז געווען 7 פאַרבאַנדישע רעפּובליקן, נאָך דעם, ווי זי איז אָנגענומען געוואָרן, איז געוואָרן 11 פאַרבאַנדישע רעפּובליקן.

נאָך דעם, ווי ס'איז אָנגענומען געוואָרן די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע, איז ליקווידירט געוואָרן די טראַנסקאַווקאַזער ספסר, וואָס האָט שוין געהאַט אויסגעפילט איר היסטאָרישע מיסיע — די מיסיע פון פאַראייניקן די קרעפטן פון די דריי טראַנסקאַווקאַזער רעפּובליקן, קעדיי אויפצולעבן זייער ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע און ביינקומען דעם שאָוויניזם, וועלכן די גרוזינישע מענשעוויקעס, אַזערביידזשאַנישע מוסאַוואַטיסטן און אַרמענישע דאַשנאַקן האָבן פריער געזוען איינצופלאַנצן. די פאַרפעסטיקטע און אויס-

געוואקסענע גרוזינישע, אזערבײַדזשאנישע און ארמענישע רעפובליקנ זײַנען נאָכנ אָנעמענ די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע ארײַנ דירעקט אינ ססר און זײַנען געוואָרנ פארבאנדישע סאָציאַליסטישע רעפובליקנ. דירעקט זײַנען ארײַנ אינ ססר אויכ די קאזאכישע און קירגיזישע רעפובליקנ, וואָס האָבנ זיכ אויסגעטיילט פונ רספסר.

די קאבארדא-באלקארישע אווטאָנאָמע געגנט, די מאריער אווטאָנאָמע געגנט, די אווטאָנאָמע געגנט קאָמי, די צאָפנ-אָסעטישע און טשעטשע-ניש-אינגושער אווטאָנאָמע געגנטנ, וואָס זײַנען אויסגעוואקסנ אינ פּאָליטישער,ווירטשאפטלעכער און קולטורעלער הינזיכט, זײַנען געוואָרנ אווטאָנאָמע רעפובליקנ. איידער עס איז אָנגענומענ געוואָרנ די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע, זײַנען געווענ 19 אווטאָנאָמע רעפובליקנ, נאָכנ אָנעמענ די קאָנסטיטוציע זײַנען געוואָרנ 20 אווטאָנאָמע רעפובליקנ.

דער פרינציפ פונ דער פרײַוויליקײַט פאר אלע רעפובליקנ, וואָס גייענ ארײַנ אלס מיטגלידער אינעם פארבאנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקנ, ווערט באשטעטיקט אויכ דערמיט, וואָס יעדער פארבאנדישע רעפובליק האָט אינ העסקעם מיטנ ארטיקל 17 פונ דער קאָנסטיטוציע פונ ססר דאָס רעכט פרײַ ארויסצוגיינ פונ ססר. בייסנ אלפאָלקישנ באהאנדלענ דעם פראָיעקט פונ דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע איז ארײַנגעטראָגנ געוואָרנ א פאָרשלאָג וועגנ אויסשליסנ דעם דאָזיקנ ארטיקל. דער האָזיקער פאָרשלאָג איז מאָטיווירט געוואָרנ דערמיט, וואָס עס זײַנען נישטאָ אזעלכע רעפובליקנ, וועלכע זאָלנ וועלנ ארויסטרעטנ פונ פארבאנד. כאַווער סטאַלינ איז אפנ אויסעראָרדנטלעכנ VIII ראטנצוזאמענפאָר פונ ססר ארויסגעטראָטנ קעגנ דעם דאָזיקנ פאָרשלאָג:

„ססר — האָט געזאָגט כאַווער סטאַלינ — איז א פרײַוויליקער פארבאנד פונ גלײַכבארעכטיקטע פארבאנדישע רעפובליקנ. אויסשליסנ פונ דער קאָנסטיטוציע דעם ארטיקל וועגנ דעם רעכט פרײַ ארויסצוטרעטנ פונ ססר, — הייסט ברעכנ דעם פרײַוויליקנ כאראקטער פונעם דאָזיקנ פארבאנד. צי קאָנענ מיר גיינ אפ דעם דאָזיקנ שריט? איכ מיינ, אז מיר קאָנענ ניט און דארפנ ניט גיינ אפ דעם דאָזיקנ שריט. מע זאָגט, אז אינ ססר איז נישטאָ קיינ איינ רעפובליק, וואָס זאָל וועלנ ארויסטרעטנ פונעם באשטאנד פונ ססר, אז דעריבער האָט ניט דער ארטיקל 17 קיינ פראק-

טישע באַדײַטונג. אַז באַ אונדז איז נימאָ קיין אײן רעפּובליק, וואָס זאָל וועלן אַרויסטרעטן פונעם באַשטאַנד פון ססר, דאָס איז, פאַרשטײט זיך, ריכטיק. דערפון איז אָבער קלאָר ניט געדרונגען, אַז מיר דאַרפן ניט פאַר־פיקסירן אין דער קאָנסטיטוציע דאָס רעכט פון די פאַרבאַנדישע רעפּוב־ליקן פרײַ אַרויסצוטרעטן פון ססר“ [1].

צי קאָן גאָר זײַן אַ רייד וועגן דער פרײַוויליקײַט פונעם פאַרבאַנד אין בורזשואַזע פאַרבאַנדישע מעלוכעס?

ערשטנס, זײַנען די בורזשואַזע פאַרבאַנדישע מעלוכעס ניט קיין פאַר־באַנד פון פעלקער, נאָר אַ „פאַרבאַנד“ פון אַדמיניסטראַטיוו־טעריטאָריעלע געגנטן, צווייטנס, האָבן זיך די דאָזיקע אַדמיניסטראַטיוו־טעריטאָריעלע געגנטן פאַראייניקט ווײַט ניט מאַכמעס דעם „פרײַען ווילן“ זייערן, ווי עס שרײַבן וועגן דעם די בורזשואַזע אידעאָלאָגן. ווי מיר האָבן שוין פריִער אָנגעוויזן, ווערט דער דאָזיקער פאַקט באַשטעטיקט דורך דער געשיכטע פון די אַמערסטן דעמאָקראַטישע בורזשואַזע פאַרבאַנדישע רעפּובליקן (די שווייץ, די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע).

איידער עס זײַנען אַנטשטאַנען די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, זײַנען באַזונדערע שטאַטן געווען ענגלישע קאָלאָניעס. דער קאַמף קעגן דעם ענגלישן יאָך האָט אין לעצטן פערטל פון XVIII יאָרהונדערט געבראַכט צו דער אויסבילדונג פון אַן אומאָפּהענגיקער פאַרבאַנדישער מעלוכע—די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. די פאַרבאַנדישע פאָרם פון דער דאָזי־קער מעלוכע האָט געשטאַמט דערפון, וואָס באַ דער בורזשואַזיע פון פאַר־שיידענע שטאַטן האָבן צוגלײַך מיט די געמיינזאַמע אינטערעסן פון קאַמף קעגן ענגלאַנד עקזיסטירט אויך ווידערשפּרוכן (צווישן דער בורזשואַזיע פון די קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע צענטערן אַפן ברעגלאַנד און צווישן דער בורזשואַזיע פון דעם אַגראַר־פּלאַנטאַטאָרישן דאָרעם). דערי־בער האָט די בורזשואַזיע פון יעדן שטאַט געשטרעבט מיט דער הילף פון דער פאַרבאַנדישער מעלוכע־פאָרם כאָטש אין אַ געוויסער מאָס אײַנהאַלטן די מאַכט און די ווירקונג באַ זיך אין שטאַט.

[1] סטאַלין, פראַגן פון לעניניזם, ז. 564, מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס“, 1941 י.

סײ בײם דער אָרגאניזירונג פונ די פאראײניקטע שטאטנ פונ אמעריקע געוואָרנ 178 י.), סײ איצט איז די דאָזיקע מעלוכע געווענ אונ איז געבליבנ א געצײג אינ די הענט בא די עקספּלואטאטאָרישע קלאסנ. זי באשיצט די סיסטעמ פונ קאפיטאליסטישנ עקספּלואטירנ די ארבעטנדיקע.

די סאָציאליסטישע מעלוכע פּסכּר איז א געצײג אפ צו באפרײענ דעמ מענטשנ פונ יעטווידער עקספּלואטאציע אונ אפ צו שאפנ א פרײנטשאפט צווישנ די פעלקער אפנ יעסאָד פונ געמײנזאמענ בויענ דעמ קאָמוניזמ. די סאָוועטישע פארבאנדישע מעלוכע איז דעריבער געבויט לויטנ פרינציפ פונ נאציאָנאל-מעלוכישע אויסבילדונגענ פונ פעלקער, וועלכע עס האָט באפרײט די גרויסע סאָציאליסטישע רעוואָליוציע.

די בורזשואזע פארבאנדישע מעלוכע פארטיידיקט די אינטערעסנ פונ דעמ עקספּלואטאטאָרישנ קלאס פונ די הערשנדיקע נאציעס. די נאציאָנאלע פראגע קומט אבסאָליוט ניט צומ אויסדרוק אינ דער מעלוכע-סטרוקטור פונ דער בורזשואזער פארבאנדישער מעלוכע.

די פארוואלטונג-פרינציפנ פונ דער סאָוועטישער פארבאנדישער מעלוכע דרינגענ ארויס פונ די אויפגאבנ פונ דער סאָציאליסטישער דעמאָקראטיע, פונ דער שטרעבונג ארײנצוציִענ אינ פארוואלטנ מיט דער מעלוכע די ברייטסטע מאסנ ארבעטנדיקע. דער אפּאראט פונ דער מעלוכע-פארוואלטונג באשטײט פונ מענטשנ, וואָס זײנענ גוט באקאנט מיטנ שטײגער אונ מיט די באדערפענישנ פונ די נאציאָנאליטעטנ, וואָס אנטוויקלענ די סאָציאליסטישע דעמאָקראטיע, ציִענ ארײנ די ברייטסטע מאסנ באפעלקערונג אינ פארוואלטנ מיט דער סאָוועטישער מעלוכע אונ אינ בויענ דעמ סאָציאליזמ.

די פאראָרטיקונג — ד.ה. די אלמעגלעכע דערנעענטערונג פונעמ מעלוכע-אפּאראט צו די באדערפענישנ פונ די נאציאָנאליטעטנ איז א באשטאנדטײל פונ דער סאָוועטישער סאָציאליסטישער דעמאָקראטיע. צוגלײך דערמיט איז עס א באדינג פארנ קעסיידערדיקנ דעמאָקראטישנ קאָנטראָל פונ די מאסנ איבערנ מעלוכע-אפּאראט.

„...קעדיי צו ווערנ לײבלעכ נאָענט,—האָט געשריבנ כאָווער סטאלינ,— דארפ די ראטנמאכט פריִער פונ אלצ ווערנ פארשטענדלעכ פאר זײ. דעריבער איז אומבאדינגט נײטיק, אז אלע ראטנ-אָרגאנענ אינ די ראנד-גע-

טיטן, אז דער געריכט, די אדמיניסטראציע, די ווירטשאפט=אָרגאנען, די אָרגאנען פון דער דירעקטער מאכט (און אויך די פארטיי=אָרגאנען) זאָלן באשטיין ווי ווײַט מעגלעך פון אָרטיקע מענטשן, וואָס ווייסן דעם שטייגער, די זיטן, די מינהאָגים, די שפראך פון דער אָרטיקער באפעלקערונג, אז אין די דאָזיקע אינסטיטוטן זאָלן צוגעצויגן ווערן אלע בעסטע מענטשן פון די אָרטגעבירטיקע פאָלקסמאסן, אז די אָרטיקע ארבעט=מאסן זאָלן ארײַנגעצויגן ווערן אין אלע געביטן פון פארוואלטן מיטן לאנד, אײַנגעשלאָסן אויך דעם געביט פון מיליטער=פאָרמירונגען, אז די מאסן זאָלן זען, אז די ראטנמאכט און אירע אָרגאנען איז א טייל פון זייערע אייגענע באמי:ונגען, א פארקערפערונג פון זייערע האָפענונגען"[1].

שנעל און פולשטענדיק לייזן די דאָזיקע פראגע איז אפן ערשטן עטאפ פון דער ראטנ=בויונג געווען שווער מאכמעס דעם, וואָס די מערהײַט נאצי:אָנאליטעטן האָט ניט געהאט קיין גענוגנדיקע צאָל צוגעגרייטע קאדרען. די דאָזיקע קאדרען האָט מען געמוזט שאפן שוין אין פראָצעס פון דער סאָוועטישער בויונג. די פראגע וועגן נאצי:אָנאלע קאדרען האָט באקומען נאָך א גרעסערע באדײַטונג אין די באדינגונגען פון דער בויונג פון א קאָלאָסאלער צאָל נײַע אינדוסטרי:עלע אונטערנעמונגען, מאשינ=טראקטאָר=סטאנציעס, קאָלווירטן, ראטווירטן. באזונדערס שטארק האָט זיך עס נעלאָזט פילן אין דער לאנדווירטשאפט, ווו מע האָט געדארפט דערלאנגען אן אנטשיידנדיקן קלאפ איבער דעם ווידערשטאנד פונעם באלעגופנטום, וואָס האָט געפרוווט אויסנוצן אין זײַנע אינטערעסן די נאצי:אָנאליסטישע רעשטלעך, שטאמ=איבערבלײַבעכצן אאוו. די פארפעסטיקונג פון דער דיקטאטור פונעם ארבעטער=קלאס און דער דערפאָלג פון דער סאָצי:אליסטישער בויונג זײַנען געווען ענג פארבונדן מיט די פראגן וועגן דער פאראָרטיקונג פונעם מעלוכע=אפאראט.

די ראטנמאכט האָט פראקטיש געלייזט די פראגע וועגן פאראָרטיקן דעם מעלוכע=אפאראט דערמיט, וואָס זי האָט גענומען אקטיוו גרייטן נא=

[1] סטאלין, מארקסיזמ און די נאצי:אָנאל=קאָלאָני:אלע פראגע, ז. 83, גאָס=פאָליטיזדאט, 1939 י.

צ:אָנאַלע קאַדרען, פאַרברייטערן די נעץ הויכשולן, טעכנישע הויכשולן מעכניקומס אין די נאַצ:אָנאַלע רעפּובליקן און געגנטן, און דערמיט, וואָס זי האָט ברייט אַרײַנגעצויגן די פאָרשטייער פון די נאַצ:אָנאַליטעטן אין די הויכשולן פונעם צענטער.

די העכסטע מאַכט פון דער אײנהײטלעכער סאָוועטישער פאַרבאַנדישער מעלוכע ברעכט ניט די רעכט פון דער באַזונדערער נאַציע, וועלכע לייזט זעלבשטענדיק די פראַגן וועגן די נאַצ:אָנאַלע פאָרמען פון איר אָנטייל אין דער געמיינזאַמער סאָצ:אַליסטישער בויונג. שטיצנדיק זיך אָפּ דער דיק־טאַטור פון דעם אַרבעטער־קלאַס, באַקומט יעדע נאַציע די פולע מעגלעכ־קײַט צו אַנטוויקלען איר קולטור — אַ נאַצ:אָנאַלע לויט דער פאָרם און סאָצ:אַליסטישע לויטן אינהאַלט — און אויסנוצן זי אין די אינטערעסן פון דער סאָצ:אַליסטישער בויונג.

די ענגע אײנהײט פון די פעלקער פון פססר אין איין פאַרבאַנדישער מעלוכע האָט געגעבן אַ מעגלעכקײַט צוצוטרעטן צום דערפאָלגרײַכן קאַמף פאַר די סטאַלינישע פינפיאָרן און האָט געבראַכט צום זיג פונעם סאָצ:אַליזם אין פססר. דער דאָזיקער וועלט־היסטאָרישער זיג האָט אַרויס־גערופן טיפע ענדערונגען אין דער קלאַסן־סטרוקטור פון אַלע סאָוועטישע רעפּובליקן און האָט צוגעגרייט באַדינגונגען אָפּ אָנצונעמען די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע, וואָס איז אַ נײַער שריט פאָרויס אין געביט פון פאַרברײ־טערן און פאַרפעסטיקן די סאָוועטישע פילנאַצ:אָנאַלע פאַרבאַנדישע מע־לוכע.

* * *

אין די באַדינגונגען פון דער דיקטאַטור פונעם אַרבעטער־קלאַס באַ־קומט די נאַצ:אָנאַלע פראַגע אַ נײַע באַדײַטונג.

„...דער טאָג פון דער נאַצ:אָנאַלער פראַגע אין רספסר — האָט באַוויזן סטאַלין געזאָגט אויפן X פאַרטיי־צוזאַמענפאָר — באַשטייט דערין, אז מע זאָל פאַרניכטן יענע אָפּגעשטאַנענקײַט (ווירטשאַפטלעכע, פּאָליטישע, קול־טורעלע) פון די נאַצ:אָנאַליטעטן, וואָס מיר האָבן געיאַרשנט פון דער פאַרגאַנגענהײַט, דערין, אַז מע זאָל געבן די אָפּגעשטאַנענע פעלקער די

עגלעכקײַט צו דעריאָגנ צענטראַל-רוסלאַנד, סײַ אינ מעלוכישער, סײַ אינ קולטורעלער, סײַ אינ װירטשאַפטלעכער הינזיכט"[1].

די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער-רעװאָלוציע האָט פּראָקלאַמירט „די גלײַכהײַט אונ סוּװערעניטעט פונ די פעלקער פונ רוסלאַנד".

די גלײַכהײַט פונ די פעלקער איז געװענ די גרעסטע דעראָבערונג פונ נעמ זיגרײַכנ אַרבעטער-קלאַס אונ פונ די אַרבעטנדיקע פונ די פרײַער אונטערדריקטע נאַציִעס, װאָס האָבנ זיך פרײַװיליק אַרומ אימ פאַרײניקט.

אַלע נאַציעס, אומאָפּהענגיק דערפונ, צי זײַנענ זײ פאַרײניקט אינ פאַרבאַנדישע אָדער אױטאָנאָמע רעפּובליקנ, צי אינ אױטאָנאָמע געגנטנ, צי אינ נאַציאָנאַלע קרײַזנ — אַלע זײַנענ זײ גלײַכבאַרעכטיקט. אָבער, װײַזט אָנ כאַװער סטאַלינ אפנ XII פּאַרטײ-צוזאַמענפאָר, „די רעכטלעכע גלײַכהײַט האָבנ מיר פּראָקלאַמירט אונ מיר פירנ זי דורכ, אָבער פונ רעכטלעכער גלײַכהײַט, װאָס האָט אַלײנ פאַר זיך אַ קאָלאָסאַלע באַדײַטונג אינ דער געשיכטע פונ דער אַנטװיקלונג פונ די סאָװעטישע רעפּובליקנ, איז נאָכ פונדעסטװעגנ װײַט ביז פאַקטישער גלײַכהײַט"[2].

פאַקטישע גלײַכהײַט באַטײַט ניט בלויז פּאָליטישע, נאָר אויכ עקאָנאָמישע אונ קולטורעלע גלײַכהײַט פונ די פרײַער אָפּגעשטאַנענע פעלקער מיט די פאָרגעשריטענע. נאַציאָנאַלע גלײַכבאַרעכטיקונג װאָלט געבליבנ אַ פוסטער קלאַנג, װענ די פּאַרטײ אונ די ראַטנמאַכט װאָלטנ ניט געשאַפנ קײנ פעסטע באַזע פאַר דער פאַקטישער גלײַכהײַט.

די נאַציאָנאַלע פראַגע אינ פּססר װערט געלײזט אַנ ערעכ אַזױ, װי, אַשטײגער, די פרויענ-פראַגע. ס'איז קנאַפּ געװענ צו פּראָקלאַמירנ דעמ פּרינציפּ, אַז די פרוי באַקומט אַבסאָלוט גלײַכע רעכט מיטנ מאַנצבל. מע האָט נאָכ געדאַרפט עקאָנאָמיש אונ קולטורעל באַװאָפענענ די פרוי. מע האָט איר געדאַרפט געבנ אַ קװאַליפיקאַציע, אַרײַנציִענ זי אינ דער סאָצי-

[1] סטאַלינ, מאַרקסיזמ אונ די נאַציאָנאַל-קאָלאָניאַלע פראַגע, ז. 101, גאָספּאָליטיזדאַט, 1939 י.

[2] דאָרטנ, ז. 152.

אליטישער פראָדוקציע, קעדייי זי זאָל קאָנענ איג דער פּראַקטיק אויסנוצ די פּאָליטישע גלייכהייט, וואָס זי האָט באקומענ.

פונקט אזוי איז געווענ די לאגע אויכ מיט דער נאַציאָנאלער גלייכהייט. די סאָוועטישע מעלוכע העלפט אקטיוו די פריִער אָפּגעשטאנענע פעלקער, אונ אזויארום ווערט פארווירקלעכט זייער פאקטישע גלייכהייט. די סאָוועטישע פארבאנדישע מעלוכע פירט א פּלאנמעסיקע ארבעט אפ אופצוהייבנ די עקאָנאָמיק אונ קולטור פונ די פריִער אָפּגעשטאנענע פעלקער. די פעלקער, וועלכע האָבנ זיכ פריִער געפונענ איג פאטריארכאלע באדינגונגענ, האָבנ בא דער אונטערשטיצונג פונ דער דיקטאטור פונעמ ארבעטער־קלאס באקומענ א מעגלעכקייט זיכ צו שטעלנ גלייכ אפנ וועג פונ סאָציאליסטישער אנטוויקלונג, איבערהיפּנדיק דעמ קאפּיטאליזמ.

דער יעסאָד פונ דער אנטוויקלונג פונ יעדער נאציע איז די פעסטע מאטעריעלע באזע פונ דער סאָציאליסטישער עקאָנאָמיק. די נאציאָנאלע רעפּובליקנ (אוזבעקיסטאנ, טאדזשיקיסטאנ, טורקמעניסטאנ, קאזאכסטאנ אא.) זיינענ ביז דער סאָציאליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע געווענ בלויז קאָלאָניאלע רויווארג־קוואלנ פאר די אינדוסטריעלע צענטראלע געביטנ. אצינד האָט זיכ איג רעזולטאט פונ די סטאלינישע פינפיאָרנ געענדערט דער אויסזענ פונ די נאציאָנאלע רעפּובליקנ אונ געגנטנ. דאָרט, וו פריִער האָבנ זיכ געשפרייט פוסטע פלעצער, זיינענ אויסגעוואקסנ פאבריקנ, זאַוואָדנ, ארצגריבער, ראטווירטנ, קאָלווירטנ. ניטאָ מער קיינ נאציאָנאלער יאָכ, קיינ קאפּיטאַלישע רעדפער, אאולנ, קיינ אויסגעצערטע ערד, קיינ קולטורלאָזיקייט. די ראטנמאכט האָט זיי געבראכט קולטור, וויסנשאפט, טעכניק. אפ דער באזע פונ קאָלווירטנ, ראטווירטנ אונ מטס, אפ דער באזע פונ נייער, פאָרגעשריטענער טעכניק ווערט די ארבעט איג דער לאנדווירטשאפט אלץ מער פארוואנדלט איג א מינ אינדוסטריעלע ארבעט. עס ווערנ געבויט נייע שטעט אונ איבערגעבויט אלטע, עס וואקסט א נייע אינטעליגענצ (דאָקטוירימ, אגראָנאָמענ, אינזשעניערנ, וויסנשאפטלעכע טוער, שרייבער אא.). עס איז אויסגעוואקסנ די פרוי, ביפראט די מיזרעכ־פרוי, וואָס איז איג דער פארגאנגענהייט געווענ א ביז גאָר דערשלאָגנ אונ אונטערדריקט ווזנ. איצט האָט זי גלייכע רעכט מיטנ מאנצבל אונ באטייליקט זיכ באגלייכ מיט אימ איג דער מעלוכע־פארוואלטונג אונ איג דער פראָדוקציע.

* * *

אלע פעלקער פון אונדזער ראכוועסדיק לאנד מאכן איצט דורך א פּע=
יאָד פון אופלעבונג און אופבלי, א פעריאָד, פון וועלכן עס האָט פריער
יט געוויסט און האָט ניט געקאָנט וויסן זייער געשיכטע. די פריער אָפּגע=
שטאנענע פעלקער דעריאָגן אין קולטורעלער און עקאָנאָמישער הינזיכט
יי באפעלקערונג פון די פאָרגעשריטענע צענטראלע ראיאָנען פונעם פארבאנד.
די טראָצקיסטן, די רעכטע, די נאציאָנאליסטן האָבן, ווי באוווסט, גע=
ירט א ביטערן קאמף קעגן דער סאָציאליסטישער אינדוסטריאליזירונג און
אָלעקטיוויזירונג. די דאָזיקע סאָנים פונעם פאָלק האָבן הערמיט טאקע
עפרווט אונטערנסן אויך די באזע פון דער גלייכהייט פון די נאציאָנא=
יטעטן. דאָס, וואָס די דאָזיקע נידערטרעכטיקע אגענטן פונעם אימפּערי=
אליזם זיינען צעגראָמירט געוואָרן, האָט מיטגעווירקט דעם שנעלן וווּקס
ון אלע פריער אָפּגעשטאנענע נאציעס און פון זייערע נאציאָנאל=מעלוכי=
שע אויסבילדונגען.

אלע פעלקער פארשטייען, אז אויסערן פססר קאָן ניט זיין און איז
יטאָ קיין גלייכהייט פאר די שוואכע און אָפּגעשטאנענע נאציעס. דאָס
אווייזט דער גורל פון די שוואכע איירָאָפּיישע מעלוכעס און באזונדערס
ער גורל פון די קאָלאָניעס און האלב=קאָלאָניעס.

„אָט אזא איז שוין — זאָגט כאווער סטאלין — דער געזעץ פון די
קספּלואטאטאָרן — שלאָגן די אָפּגעשטאנענע און שוואכע. דער וואָלפי=
שער געזעץ פון קאפיטאליזם. ביסטו אָפּגעשטאנען, ביסטו שוואך—הייסט
ס, אז דו ביסט אומגערעכט, הייסט עס, אז מע קאָן דיך שלאָגן און פאר=
שקלאפן“ [1].

אזא לאגע איז אויך אין די בורזשואז=דעמאָקראטישע לענדער ווי,
שטייגער, די פארייניקטע שטאטן פון אמעריקע.

די בורזשואזיע פון די פארייניקטע שטאטן פון אמעריקע, וואָס האָט
עקעמפט פאר איר נאציאָנאלער אומאָפּהענגיקייט קעגן ענגלאנד, האָט
לייכצייטיק ניט אָפּגעשאפט די שקלאפן=ארבעט. כאָטש די שקלאפעריי איז

---

[1] סטאלין, פראגן פון לעניניזם, ז. 355, מעלוכע=פארלאג „דער עמעס“, 1941 י.

אָפּגעשאפט געוואָרן נאָכן בירגערקריג פון די יאָרן 1861—1865, האָט ניט די נעגרען ביז היינטיקן טאָג קיין גלייכע רעכט מיט די ווייסע, באזונדערס איז עס שייך צו די דאָרעם־שטאטן. אין 1870 י. איז אָנגענומען געוואָרן אן אויסבעסערונג (XV) צו דער קאָנסטיטוציע פון די פאריייניקטע שטאטן פון אמעריקע, ווו עס איז געשטאנען: „דאָס רעכט פון די בירגער פון די פאריייניקטע שטאטן אָנטיילצונעמען אין די וואלן וועט דורך די פאריייניקטע שטאטן אָדער דורך באזונדערע שטאטן ניט אָפּגעלייקנט אָדער באגרענעצט ווערן מיטן אויסרייד פון ראסע, הויט־קאָליר אָדער פריערדיקן שקלאפן־צושטאנד“.

פאקטיש אָבער איז די גאנצקאָנאלע אונטערדריקונג בענעגייע די נעגרן ניט ליקווידירט אויך ביז היינט צו טאָג, כאָטש זיי באטרעפן העכער % פון דער באפעלקערונג פון די פאריייניקטע שטאטן פון אמעריקע (13 מיליאָן מאן). אָנגעהויבן פון 1930 י. זיינען אין די קאָנסטיטוציעס פון זונדערע שטאטן, באזונדערס פון די דאָרעמדיקע, — מיסיסיפּי, לוויזיאנע, אלאבאמא, ווירגיניע אא., איינגעשלאָסן געוואָרן א ריי אויסבעסערונגען וואָס באגרענעצן די בירגער־רעכט פון דער „קאָלירטער“ באפעלקערונג: הויפּטזאכלעך פון דער נעגרישער.

אין מעשעך פון די יאָרן 1881—1907 איז אין די דאָרעם־שטאטן פון די פשא ארויס א ריי אנדערע געזעצן און באשטימונגען, וואָס לויט זיי דארפן פערזאָנען פון „אפריקאנישער אָפּשטאמונג“ (דאָס הייסט, נעגרען) פארנעמען ספּעציעלע, אָפּגעצאמטע ערטער אין די וואגאָנען פון די אייזנבאנען און אין די טראמווייען. אין 29 שטאטן (פון 48) זיינען פארווערט באסענעס צווישן ווייסע און „קאָלירטע“. די נעגרען געפינען זיך גאנץ אָפּט אויסערן געזעץ: אָן געריכט און אויספאָרשונג רעכנט מען זיך אָפּ מיט זיי אפּ א בלוטיקן אויפן (לינטש־געריכטן). אין אפּרעל 1937 י. האָט פאָרשטייער־פאלאטע פונעם קאָנגרעס (פארלאמענט) אָנגענומען א געזעץ קעגן די לינטש־געריכטן. אין פעוראל 1938 י. איז דער געזעץ־פּראָיעקט באהאנדלט געוואָרן אין סענאט, אָבער מאכמעס דעם, וואָס די סענאטאָרן פון די דאָרעם־שטאטן האָבן אָרגאניזירט אן אָבסטרוקציע, האָט מען די פראגע אראָפּגענומען פון טאָג־סיידער. אייגער פון די פארביסנסטע אָבסטרוקציאָניסטן פון די דאָרעם־סענאטאָרן — עלענדער האָט זיינע דער־

פֿירערונגען קעגן דעם גרויסע־פּראָיעקט מאָטיווירט רעדמיט, וואָס „אויב מע וועט די נעגערן געבן גלײַכע סאָציאַלע רעכט, וועט דאָס ברענגען צום קראַך פֿון דער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע".

אַזוי האַלט עס מיט דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע אין אַזאַ בורזשואַזנ־דעמאָקראַטיש לאַנד ווי די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע.

אין ססרר ווערט יעדן פֿאָלק גאַראַנטירט אַ ווירדיק און גלײַכבאַרעכטיקט אָרט. דאָס רוסישע פֿאָלק, און אין דער ערשטער ריי דער רוסישער אַרבעטער־קלאַס, זײַנען באַקרוינט מיט אייביקן רום, — זיי האָבן אַרויסגערוקט פֿון זייערע רייען לענינען, וואָס זײַן לערע — דער לעניניזם—איז געוואָרן די לערע פֿון דער גאַנצער פּראָגרעסיווער מענטשהייט. דאָס רוסישע פֿאָלק האָט געגעבן אַ רומפֿולע פּלעיאַדע דענקער, געלערנטע און קינסטלער. פֿונעם רוסישן פֿאָלק זײַנען אַרויס פּושקין, לערמאָנטאָוו, טאָלסטאָי, בעלינסקי, דאָבראָליובאָוו, טשערנישעווסקי, מענדעלייעוו, סעטשענאָוו, פּאַוולאָוו. די דאָזיקע נעמען זײַנען איצט נאָענט און אייגן אַלע נאַציאָנאַלע קולטורן פֿון די פֿעלקער פֿון ססרר. די גלײַכבאַרעכטיקטע פֿעלקער פֿון ססרר באַרײַכערן איינס דאָס אַנדערע מיט נײַער קולטור־דערפֿאַרונג. אין יעדער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק אַנטוויקלט זיך די קולטור, אַ נאַציאָנאַלע לויט דער פֿאָרם און אַ סאָציאַליסטישע לויטן אינהאַלט.

די רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן באָלשעוויקעס האָבן אין זייער קאַמף פֿאַר באַפֿרײַען די פֿעלקער אַלעמאָל אויפֿגעוויזן, אַז די אָפּגעשטאַנענקייט פֿון די נאַציעס דערקלערט זיך ניט מיט זייערע נאַטירלעכע „קוואַליטאַטיווע" אייגנשאַפֿטן, נאָר מיט די היסטאָרישע באַדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבן געלעבט און זיך אַנטוויקלט, מיט דער אָפּגעשטאַנענקייט פֿון די פּראָדוציר־מעטאָדן. די דאָזיקע אָפּגעשטאַנענקייט ווערט קינסטלעך קולטיווירט דורכן שווערן נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלן יאָך, דורך דער פּאָליטישער, עקאָנאָמישער, קולטורעלער, מאָראַלישער אָפּגעצאַמטקייט, אין וועלכער דער קאַפּיטאַליזם האַלט די מערהייט מענטשהייט, באַזונדערס די אַרבעטנדיקע פֿון די קאָלאָניעס און פֿון די אָפּהענגיקע לענדער. דער זיג פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין די מערערע־לענדער און איר הילף די אונטערדריקטע פֿעלקער פֿון אַזיע, אַפֿריקע, אויסטראַליע וועט אָפּווישן אַלע באַריערן, וואָס שטערן ליקווידירן די אָפּגעשטאַנענקייט פֿון די דאָזיקע פֿעלקער.

דאָס באַשטעטיקט דער בײַשפּיל פון פּסטר, ווו די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע האָט פאַרניכטעט דעם נאַציאָנאַלן יאָך, האָט געהאָלפן די אָפּגעשטאַנענע פעלקער, זיי זאָלן נעמען דעריאָגן די פאָרגעשריטענע פעלקער פון צענטער אין אַלע געביטן פון עקאָנאָמיק און קולטור.

„פרינער — האָט געשריבן כאַווער סטאַלין — איז „געווען אָנגענומען" צו טראַכטן, אַז די וועלט איז פון קאַדמוינים צעטיילט אויף נידעריקערע און העכערע ראַסעס, אויף שוואַרצע און ווײַסע, פון וועלכע די שוואַרצע זײַנען נישט פעיִק צו ציוויליזאַציע און זײַנען פאַרורטיילט צו זײַן אַן אָביעקט פון עקספּלואַטאַציע, און די ווײַסע זײַנען די אײנציקע טרעגער פון ציוויליזאַציע, וואָס זײַנען באַרופן צו עקספּלואַטירן די שוואַרצע. איצט דאַרף מען די דאָזיקע לעגענדע האַלטן פאַר צעקלאַפּט און אָפּגעוואָרפן. איינער פון די וויכטיקסטע רעזולטאַטן פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע איז דער פאַקט, וואָס זי האָט דערלאַנגט אַ טויט-קלאַפּ דער דאָזיקער לעגענדע און האָט באַוויזן אין דער פּראַקטיק, אַז די באַפרײַטע נישט איראָפּעיִשע פעלקער, וואָס זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אינעם שטראָם פון דער סאָוועטישער אַנטוויקלונג, זײַנען אויף קיין האָר נישט ווייניקער פעיִק איידער די איראָפּעיִשע פעלקער אַ רוק צו טאָן פאָרויס די ווירקלעך פאָרגעשריטענע קולטור און די ווירקלעך פאָרגעשריטענע ציוויליזאַציע" [1].

די דאָזיקע היסטאָרישע זיגן רופן אַרויס אַ שטאָלץ בײַ די אַרבעטנדיקע פון אונדזערע סאָוועטישע פעלקער, וואָס בויען דעם סאָציאַליזם. בלויז פּסטר, די מעלוכע פון דער דיקטאַטור פונעם אַרבעטער-קלאַס, האָט געקאָנט דערלאַנגען אַ צעשמעטערנדיקן קלאַפּ דער פרינערדיקער אָפּגעשטאַנענקײַט פון די נאַציאָנאַליטעטן, ליקווידירן די פרינערדיקע נאַציאָנאַלע סינע און האָט צווישן די פעלקער, באַהעפטן זיי מיט אַן איינהײַטלעכן ציל און ווילן, אַרויסרופן זייער שעפערישן ענטוזיאַזם און באַווײַזן אומגעהערטע דערגרייכונגען אין אַלע געביטן פון אונדזער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט.

---

[1] סטאַלין, מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל-קאָלאָניאַלע פראַגע, ז. 243—244, גאָספּאָליטיזדאַט, 1939 י.

* „ *

אינ לייזנ די נאציאָנאלע פראגע בא אונדז אונ אינ דער קאפּיטאליס־טישער געזעלשאפט לאָזט זיך שטארק פילנ דער אונטערשייד צווישנ צוויי קעגנזײַטלעכע וועלטנ, צוויי סיסטעמענ — סאָציאליסטישער אונ קאפּיטא־ליסטישער.

דער נאציאָנאלער יאָך דרינגט ארויס פונעם עצעם טאָכ פונעם קאפּי־טאליזמ, וועלכער קאָנ זיך ניט אנטוויקלענ, ניט פארנעמענדיק מיט געוואלט נײַע טעריטאָריעס, ניט אונטערהדריקנדיק די נאציעס, וואָס באפעלקערנ די דאָזיקע טעריטאָריעס.

די געשיכטע פונ דער אויסבילדונג אונ עקזיסטענצ פונ יעדער בור־זשואזער פּילנאציאָנאלער מעלוכע איז פול מיט פאקטנ פונ קעגנזײַטיקנ פארביטערטנ קאמפּ פונ נאציעס, איז פול מיט פאקטנ, ווי אזוי די הערשנ־דיקע קלאסנ פונ דער גרויסמעכטישער נאציע פלעגנ אפּ א בלוטיקנ אויפנ אונטערדריקנ די ניט־גלײַכבארעכטיקטע פעלקער.

„די טראגעדיע פונ דער פּילנאציאָנאלער בורזשואזער מעלוכע — האָט געשריבנ כאווער סטאלינ — באשטייט דערינ, וואָס זי איז ניט בעקויעכ צו לייזנ די דאָזיקע ווידערשפּרוכנ, וואָס יעדער פּרווו אירער צו „אויס־גלײַכנ" די נאציעס אונ „באשיצנ" די נאציאָנאלע מינדערהײַטנ, אײַנהיטנ־דיק דאָס פּריוואט־אייגנטומ אונ די קלאסנ־אומגלײַכהײַט, ענדיקט זיך געוויינלעכ מיט א דורכפאל, מיט א נײַער פארשארפונג פונ די נאציאָנא־לע צוזאמענשטויסנ"[1].

די נאציאָנאלע קאָנפליקטנ אינ דער קאפּיטאליסטישער וועלט מערנ זיך אלצ אונ פארשארפנ זיך צוזאמענ מיטנ וווקס פונ דער אימפּעריא־ליסטישער רעאקציע אונ צוזאמענ מיט דער פאנאנדערוויקלונג פונ נײַע מילכאָמעס. דערפונ דרינגט ארויס די שוואכקײַט פונ א ריי פּילנאציאָנאלע קאפּיטאליסטישע מעלוכעס, זייער צעפאלונג אונ קראכ.

שוינ די ערשטע אימפּעריאליסטישע מילכאָמע האָט געבראכט דערצו,

---

[1] סטאלינ, מארקסיזמ אונ די נאציאָנאל-קאָלאָניאלע פראגע, ז. 88, גאָס־פּאָליטיזדאט, 1939 י.

אַז עס האָט געליטן אַ קראַך די גרויסע פּילנאַציאָנאַלע עסטרײַך-אונגאַרישע מעלוכע. אַצינד עקזיסטירט שוין מער ניט די טשעכאָסלאָוואַקישע מעלוכע, וווּ עס האָבן זיך ניט אויפגעהערט צו רײַסן צווישן זיך די טשעכן, סלאָוואַקן, דײַטשן און פּאָליאַקן. עס עקזיסטירט שוין מער ניט די פּוילישע מעלוכע, וווּ די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג פון די אוקראַינער, ווײַסרוסן, ייִדן אאַ. איז דורכגעפירט געוואָרן ביז גאָר אכזאָריעסדיק.

די דאָזיקע מעלוכעס, וואָס זײַנען געשאַפן געוואָרן נאָך דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, האָבן מיט זייער צעפאַלונג אַנטבלויזט די מאַקעס און קרענק, וואָס זײַנען כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדער קאַפּיטאַליסטישער פּילנאַציאָנאַלער מעלוכע. אַזוינע פּילנאַציאָנאַלע מעלוכעס, ווי רומעניע, יוגאָסלאַוויע, די בריטישע אימפּעריע אאַ. ווערן צעפליקט פון אינערלעכע נאַציאָנאַלע ווידערשפּרוכן. דאָס באַשטעטיקט, ווי ווײַט ניט לעבנספייִק עס איז יעדע קאַפּיטאַליסטישע פּילנאַציאָנאַלע מעלוכע, וואָס טראָגט אין זיך דעם עמבריאָן פון צעפאַלונג. די צווייטע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע האָט אָנשוילעך באַשטעטיקט, ווי ווײַט ניט פעסט עס זײַנען די קליינע און שוואַכע קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס, וואָס זײַנען בלויז אַ געצײַג פון קאַמף פון די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס פאַר דער העגעמאָניע אינעם אימפּעריאַליסטישן לאַגער.

בלויז די דיקטאַטור פונעם אַרבעטער-קלאַס, בלויז די לענין-סטאַלינישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק האָבן געקאָנט שאַפן אַן עכטע, פעסטע און אָרגאַנישע פעלקער-פרײַנטשאַפט, אַזאַ פרײַנטשאַפט, וואָס איז נאָך ניט געווען אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט. דער יעסאָד פון דער דאָזיקער פרײַנטשאַפט איז די סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט-סיסטעם. בלויז זי האָט פאַרניכטעט די עקספּלואַטאַציע פון איין מענטש דורך אַ צווייטן, האָט פאַרניכטעט די אונטערדריקונג פון איין נאַציע דורך אַ צווייטער און האָט באַהעפט אַלע פעלקער פונעם ראַטנלאַנד מיט דער איינהײַטלעכער צילגעווענדטקײַט אין קאַמף פאַרן קאָמוניזם. אַן אויסדרוק פון דער דאָזיקער פעלקער-פרײַנטשאַפט איז פססר — די פּילנאַציאָנאַלע סאָוועטישע פאַרבאַנדישע מעלוכע, וואָס זיכערט די פרידלעכע מיטאַרבעט און פרײַנטשאַפט פון די נאַציאָנאַליטעטן.

נאָך פאַר דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט

גנינ אָנגעוויזנ, אז בלויז דער פּראָלעטאריאט וועט קענענ ברענגענ צו גר פּרײַוויליקער פּארייניקונג פונ די נאציעס. אונ אופּטאָג וועט ער עס גיט מיט דער הילפ פונ געוואלד, נאָר מיט דער הילפ פונ ברידערלעכער קולטור־הילפ די אָפּגעשטאנענע פעלקער. דאָס דארפ, לויט לענינס ווערטער, אומפארמײַדלעכ ברענגענ דערצו, אז „די ארבעטנדיקע מאסנ, וואָס באפרײַענ זיכ פונ אונטערנ יאָכ פונ דער בורזשואזיע, וועלנ זיכ מיט אלע קויכעס א צ י ט אָ נ צום פארבאנד אונ צו דער צונויפגיסונג מיט די גרויסע אונ פאָרגעשריטענע סאָציאליסטישע נאציעס מאקע צוליב דער דאָזיקער „קולטור־הילפ“, אבי נאָר די נעכטיקע אונטערדריקער זאָלנ ניט באליידיקנ דאָס הויכ אנטוויקלטע דעמאָקראטישע זעלבסטווירדע־געפיל פונ דער נאציע, וואָס איז א לאנגע צײַט אונטערדריקט געוואָרנ, אבי נאָר זיי זאָלנ איר געבנ גלײַכהײַט אינ אלצ, דערונטער אויכ אינ מעלוכע־בויונג, אינ דעמ פרווו אופצובויענ אנ „אייגענע“ מעלוכע“ [1].

די גראנדיעזע דערפארונג פונ דער בויונג פונ דער סאָציאליסטישער פילנאציאָנאלער מעלוכע האָט פולשטענדיק באשטעטיקט לענינס געווינעס. די דיקטאטור פונעמ ארבעטער־קלאס האָט דיסקאָנטירט די פריִער אָפּגעשטאנענע נאציעס, וועלכע זײַנענ אזא לאנגע צײַט אונטערדריקט געוואָרנ אונ נייטיקנ זיכ אינ א מער אקטיווער הילפ, ווי די פאָרגעשריטענע. פארפעסטיקנדיק די פעלקער־פרײַנטשאפט, איז די דיקטאטור פונעמ ארבעטער־קלאס געקומענ צו הילפ אונ קומט צו הילפ די פריִער אָפּגעשטאנענע נאציעס, דערמיט גופע העלפט זי זיי וואָס שנעלער דערגרייכנ דעמ ניוואָ פונ די פאָרגעשריטענע נאציעס.

אינ ססר זײַנענ ניטאָ קיינ הערשנדיקע אונ קיינ אונטערגעאָרדנטע נאציעס, עס זײַנענ ניטאָ קיינ „פרעמדגעבירטיקע“. דער רוס אונ דער יאַקוט, דער אוקראינער אונ דער נענעצ, דער גרוזינ אונ דער אינגוש, דער טורקמענ אונ דער קאלמיק, דער ייִד אונ דער משוואש אא. — אלע באַטייליקנ זיי זיכ מיט גלײַכע רעכט אינ דער סאָציאליסטישער ארבעט, העכערנ זייער אייגענעמ וווילשטאנד אונ דעמ וווילשטאנד פונעמ סאָוועטישנ לאנד אינגאנצנ גענומענ.

---

[1] לענינ, ב. XIX, ז. 256.

אין באַזונדערע קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס האָבן ווידעראַמאָל אױפגע־לעבט און זיך פאַרשטאַרקט מיטלאַלטערלעכע רעדיפעס און פּאָגראָמען אױף ייִדן. אַפילע אין דעם פריִער אַזױגערופענעם „דעמאָקראַטישן“ פראַנקרײַך איז דער אַנטיסעמיטיזם געװאָרן איצט אַ געזעץ פון דער מעלוכע־פּאָלי־טיק, װײַל מיט דער הילף פון אַנטיסעמיטיזם איז באַזונדערס באַקװעם צו ספּעקולירן צװישן די מאַסן קלײנבירגער, פאַרדעקנדיק דערמיט די פאַרע־טערישע פּאָליטיק פון די עקספּלואַטאַטאָרישע אױבער־שיכטן. אַ קאָרבן פ[illegible] ער אַנטיסעמיטישער פּאָגראָם־פּאָליטיק זײַנען קימאַט אױסשליסלעך אונטערשטע, ניט פאַרמעגלעכע שיכטן ייִדנטום. װאָס איז שײַך די פאַרמעגלעכע שיכטן, האָבן זײ די מאַטעריעלע מעגלעכקײַט צו עמיגרירן און אײַנצואָרדענען זיך אין אַנדערע לענדער.

אין ססס״ר עקזיסטירט ניט די „ייִדן־פראַגע“. פאַר נאַציאָנאַליסטישער סינע און העצע, דערונטער אױך פאַר אַנטיסעמיטישער, װערט מען באַ־שטראָפט לױטן געזעץ. טױזנטער ייִדן, װאָס האָבן זיך פריִער געשטיקט אין דעם אַזױגערופענעם געװעזענעם „תּחום“ און האָבן זיך ניט פאַרנומען מיט פּראָדוקטיװער אַרבעט, האָבן איצט באַקומען די מעגלעכקײַט זיך באַזעצן אױף ערד, באַקומען פאַרשײדענע פּראָפעסיעס, פאַרנעמען זיך מיט נוצלעכער אַרבעט. אַן אױסדרוק פון דער פּאָליטיק פון דער סאָװעטישער רעגירונג בנוגע די ייִדישע מאַסן איז די אױסבילדונג פון דער ייִדישער אױטאָנאָמער געגנט.

מענטשן פון פאַרשײדענע נאַציעס, װעלכע דער קאַפּיטאַליזם פלעגט אָנהעצן אײנע אױף דער אַנדערער, צװישן װעלכע מע פלעגט אין דער פאַר־גאַנגענהײט צעבלאָזן אַ שאָװיניסטישן האַס, — די אַלע מענטשן האָבן זיך באַם סאָציאַליזם פאַראײניקט אין ברידערלעכער אַרבעט, האָבן זיך אױס־געלערנט אַכטן אײנער דעם אַנדערן און מיט געמײנזאַמע קרעפטן בױען זײער צוקונפט. צו דער זעלבער ברידערלעכער פרײַנטשאַפט פון פאַרשײ־דענע נאַציאָנאַליטעטן װעט קומען די גאַנצע מענטשהײט נאָך דעם, װי זי װעט זיך באַפרײַען פון אונטערן יאָך פונעם קאַפּיטאַליזם.

די אונטערדריקטע פעלקער פון גאָר דער װעלט פאַרשטײען, אַז בלױז דער ססס״ר איז פאַר זײ די שטיצע און שוץ. דעריבער איז דער ססס״ר געװאָרן אַ צוציִונגס־צענטער פאַר די פעלקער, װאָס װערן אונטערדריקט

יכ די אימפעריאליסטנ. באזונדערס האָט עס א שײַכעס צו די פעלקער,
ים מע האָט געהאט מיט געוואלט אָפּגעריסנ פונ די קרויוווישע סאָוועטישע
'נלקער, וועלכע האָבנ אינ פססר זייער סאָוועטישע נאציאָנאלע מעלוכע=
שאפט און וואָס לעבנ איבער אזא עקאָנאָמישנ און קולטורעלנ אופבלי,
פונ וועלכנ עס ווייסט ניט זייער געשיכטע.

דאָס האָט געהאט א שײַכעס אויכ צו יענע פעלקער — שכײנים פונעם
פססר, — וואָס זײַנענ אינ דער פארגאנגענהײַט געווענ היסטאָריש פאר=
בונדנ מיטנ רוסלענדישנ פראָלעטאריאט, וואָס האָבנ צוזאמענ מיט אים
געקעמפט קעגנ דער זעלבסטהערשונג, קעגנ דער בורזשואזיע, קעגנ די פרי=
צים און קעגנ דעם נאציאָנאלנ יאָכ. די פאָליטיק פונ די אימפעריאליסטנ
און בורזשואזע נאציאָנאליסטנ האָט זיי שפעטער אָפּגעריסנ פונעם פססר,
און זיי האָבנ געהאט אויסצושטײנ דערנידעריקונג און קאפיטאליסטישע
עקספלואטאציע.

פססר האָט אינ פראקטיק באוויזנ, ווי ווײַט עס גייט אים אָנ דער
גורל פונ די קרויוווישע פעלקער, וועלכע ווערנ אונטערדריקט דורכנ אימ=
פעריאליזמ. אינ סענטיאבער 1939 י. איז זיכ צעפאלנ די פוילישע מעלו=
כע. די אונטערדריקטע דורכ די פוילישע פאנעס אוקראינישע און ווײַסרו=
סישע באפעלקערונג איז איבערגעלאָזנ געוואָרנ אפנ אייגענעמ באראָט און
איז געוואָרנ אנ אָביעקט פונ איזדיעקענישנ פאר דער פוילישער מיליטערי=
שער קליקע. דעמאלט האָט די סאָוועטישע רעגירונג גענומענ אונטער איר
שוץ דאָס לעבנ און פארמעגנ פונ דער באפעלקערונג פונ דער געוועזענער
מערעוו=אוקראינע און מערעוו=ווײַסרוסלאנד.

ווענ די באפעלקערונג פונ דער געוועזענער מערעוו=אוקראינע און מע=
רעוו=ווײַסרוסלאנד איז באפרײַט געוואָרנ פונעם פאנסקנ יאָכ, האָט זי אפ
אירע פאָלקס=פארזאמלונגענ פראָקלאמירט איר אײַנגעפעסטנ ווילנ אײַנצו=
שליסנ זיכ אינ דער מישפאָכע פונ די סאָוועטישע פעלקער און ווידערפא=
רייניקנ זיכ מיט אירע ברידער פונ דער סאָוועטישער אוקראינע און פונעם
סאָוועטישנ ווײַסרוסלאנד.

דעמ 1 און 2 נאָיאבער 1939 י. האָט דער אויבער=ראט פונ פססר אפ
דער אויסעראָרדנטלעכער V סעסיע אויסגעהערט די מעלדונגענ פונ די
פולמעכטיקע קאָמיסיעס פונ די פאָלקס=פארזאמלונגענ פונ מערעוו=אוקראינע

און מײַרעוו=ווײַסרוסלאַנד און האָט באַפרידיקט זייער ביטע וועגנ אײַנ=
שליסנ אינ פססר די טעריטאָריעס, וואָס זײַנענ באַפרײַט געוואָרנ פונ
פאַנסקנ יאָכ, און ווידערפאַרייניקנ זייער באַפעלקערונג מיט אוססר און
ווססר. אזוי ווערט אונטער דער אָנפירונג פונ די ראַטנ פאַרווירקלעכט די
קאָנסאָלידאַציע און ווערט פאַרפעסטיקט די אייניקײַט פונ דעמ פרײַענ או=
קראַינישנ פאָלק און ווײַסרוסישנ פאָלק.

א בוילעטער בײַשפיל דערפונ, אַז וויפל די ראַטנ אַכטנ די רעכט און
סוווערעניטעט פונ די קליינע פעלקער, איז די לייזונג פונעמ סאָוועטיש=פינ=
לענדישנ קאָנפליקט.

בלויז די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער=רעוואָליוציע און איר
פרינציפ וועגנ דעמ רעכט פונ פעלקער אַפ זעלבסטבאַשטימונג, אײַנגע=
שלאָסנ דאָס אָפטיילנ זיכ, האָט געגעבנ פינלאַנד אומאָפהענגיקײַט. דעמ
4 יאַנוואַר 1918 י. האָט דער ציק באַשטעטיקט די באַשטימונג פונעמ
ראַטנפאָלקאָמ פונ רספסר וועגנ דער אומאָפהענגיקײַט פונ פינלאַנד. די פינ=
לענדישע בורזשואַזיע, וואָס האָט זיכ מיט דער הילפ פונ דעמ צווישנפעל=
קערלעכנ אימפעריאַליזמ און פונ די אייגענע סאָציאַל=דעמאָקראַטנ גע=
שטעלט באַ דער מאַכט, האָט אויס סינע צו די ראַטנ קעסיידער געהאַלטנ
די פאַרשיידענע אינטערווענציע=פלענער קעגנ פססר. די פינישע בורזשואַזיע
און איר מיליטערישע קליקע האָבנ זיכ ניט אופגעהערט צו פאַרנעמענ מיט
אַנטיסאָוועטישע פראָוואָקאַציעס אויכ נאָכ דעמ, ווי צווישנ רספסר און פינ=
לאַנד איז געשלאָסנ געוואָרנ א שאָלעמ=אָפמאַכ (14 אָקטיאַבער 1920). אַנ
איידעס דערפונ איז די קריגס=אַוואַנטיורע פונ די פינישע ווײַסגוואַרדייער
אינ די יאָרנ 1921—1922, וואָס דער ציל איר איז געווענ פאַרכאַפנ
מיט געוואַלט די סאָוועטישע קאַרעליע; אַנ איידעס דערפונ זײַנענ געווענ
אויכ די פאַרשטענדיקונגענ און בלאָקנ מיט די אימפעריאַליסטנ קעגנ פססר.

פינלאַנד איז געוואָרנ אַנ אויסערסט געפערלעכער אַנטיסאָוועטישער
פלאַצדאַרמ. ווענ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ די צווייטע אימפעריאַליסטישע
מילכאָמע, איז די געפאַר פונעמ דאָזיקנ פלאַצדאַרמ באַזונדערס אויסגע=
וואַקסנ, ווײַל די צווישנפעלקערלעכע אימפעריאַליסטנ האָבנ אימ געוואָלט
אויסנוצנ, קעדיי אַרײַנצוציִענ פססר אינ דער מילכאָמע. אינ דער געשאַפע=
נער אומרויִקער צווישנפעלקערלעכער סיטואַציע האָט די סאָוועטישע רעגי=

רונג געהאלטן פאר נייטיק צו זיכערן די געפארלאָזיקייט פון לענינגראַד, וואָס האָט זיך געפונען סאַכאַקל 32 קילאָמעטער ווייט פון דער פינלענדי־שער גרענעצ. די סאָוועטישע רעגירונג האָט פאָרגעלייגט אָפּרוקן אָפּ א געוויסער שטרעקע די סאָוועטיש־פינישע גרענעצ. אלס קאָמפּענסאַציע האָט די סאָוועטישע רעגירונג פאָרגעלייגט פינלאַנד א סאַך א גרעסערן שטיק סאָוועטישע טעריטאָריע, אָבער די פינישע מיליטערישע קליקע האָט פאר־נומען א שאַרף פיינטלעכע פּאָזיציע בענעגייע דעם דאָזיקן פאָרשלאָג, און מאַכמעס דעם איז געוואָרן אומעגלעך צו לייזן אפּ א פרידלעכן אויפן די פּראַגן, וואָס עס האָט ארויסגערוקט די סאָוועטישע רעגירונג. נאָך מער: די פינישע מיליטערישע קליקע האָט זיך געלאָזן אפּ נייע פּראָוואָקאַציעס אפּ דער סאָוועטישער גרענעצ, און דאָס האָט ארויסגערופן קריגס־אָפּעראַ־ציעס. כאָטש אייניקע אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס האָבן זי געשטיצט, האָט די פינישע מיליטערישע קליקע דאָך געכאַפּט א מאַפּאָלע. די העלדי־שע רויטע ארמיי האָט דורכגעריסן די אזויגערופענע „מאַנערהיים־ליניע“. ווען די רויטע ארמיי וואָלט ווייטער געגאַנגען פאָרויס, וואָלט עס אומפאר־מיידלעך געבראַכט צום ענדגילטיקן צעגראָמירן די מיליטערישע קרעפטן פון פינלאַנד. די סאָוועטישע רעגירונג, וואָס האָט נאָך אין אָנהייב פון די קריגס־אָפּעראַציעס געמאָלדן, אז זי האָט קלאָל ניט בעדייע אָנצורירן די אומאָפּהענגיקייט פון פינלאַנד, איז איינגעגאַנגען אפּ א שאָלעמ־אָפּמאַך (12 מאַרט 1940 י.), א בעקאָווערקן פאַר פינלאַנד. לויט דעם דאָזיקן אָפּ־מאַך זיינען צו פּססר אריבער בלויז די ראַיאָנען, וואָס זיינען נייטיק צו גאַראַנטירן די געפאַרלאָזיקייט פון די גרענעצן פון פּססר, אין דער ער־שטער ריי פון לענינגראַד.

די טעריטאָריע, וואָס איז לויטן שאָלעמ־אָפּמאַך מיט פינלאַנד אריבער צו פּססר, איז סיי לויטן כאַראַקטער פון די נאַטירלעכע און היסטאָרישע באַדינגונגען, סיי לויט דער ריכטונג פון איר פאָלקסווירטשאַפטלעכער טע־טיקייט נאָענט צו דער קאַרעלישער אססר. דערצו נאָך זיינען דאָס קאַרע־לישע פאָלק און דאָס פינישע פאָלק פאַרבונדן צווישן זיך מיט ראַסן־נאַ־ציאָנאַלע פּעדעמ. אין דער פאַרגאַנגענהייט זיינען צווישן די דאָזיקע פעל־קער קולטיווירט געוואָרן סינע און נאַציאָנאַלע רייסערייען. די סאָוועטן האָבן געמאַכט שאָלעמ צווישן די קאַרעלן און פינער. אָט די אלע אומ־

שטענדנ האָבנ געבראכט דערצו, אז פונ די פינלענדישע טעריטאָריעס, וואָס זײַנענ אריבער צו פססר (כוץ דעמ שמאָלנ פאס, וואָס ליגט אינ דירעקטער שכיינעס מיט לענינגראד), אונ פונ דער קארעלישער אססר איז אויסגעבילדעט געוואָרנ א נײַע, די 12־טע לויט דער ריי, פארבאנדישע רעפובליק — די קארעליש־פינישע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליק (געזעצ פונעמ אויבער־ראט פונ פססר פונ 31 מארט 1940). שטיצנדיק זיכ אפ דער מעכטיקײַט פונעמ גאנצנ פססר, וועט דאָס קארעליש־פינישע פאָלק אצינד נאָכ ברייטער פאנאנדערוויקלענ זײַנע שעפערישע פײַיקײַטנ, זײַנווירטשאפטלעכע אונ נאציאָנאַל־קולטורעלע אנטוויקלונג.

די וויכטערדיקע טעטיקײַט פונ דער סאָוועטישער רעגירונג אינ געביט פונ פארייניקנ די סאָוועטישע נאציעס האָט זיכ אויסגעדריקט אינ פרידלעכנ לייזנ דעמ סאָוועטיש־רומענישנ קאָנפליקט.

אינ 1918 י. האָט רומעניע אויסגענוצט די מיליטערישע שוואכקײַט פונ רוסלאנד אונ האָט מיט געוואלט פארכאפט בעסאראביע. דער ראטנ־פארבאנד האָט קיינמאָל ניט אָנערקענט דעמ דאָזיקנ פארכאפונגס־אקט, עס האָבנ אויכ ניט אָנערקענט די פאָלקסמאסנ פונ בעסאראביע. זיי זײַנענ ניט איינ מאָל מיט געווער אינ די הענט אופגעשטאנענ קעגנ דעמ רומענישנ יאָכ, וואָס האָט זיכ געהאלטנ אפ ביטערנ טעראָר.

דעמ 26 יונ 1940 י. האָט זיכ די רעגירונג פונ פססר געווענדט צו דער רומענישער רעגירונג מיט א מעמאָראנדומ וועגנ אומקערנ בעסאראביע. די רעגירונג פונ פססר האָט דערבײַ אָנגעוויזנ, אז די פראגע וועגנ אומקערנ בעסאראביע איז אָרגאניש פארבונדנ מיט דער פראגע וועגנ איבערגעבנ פססר אויכ דעמ צאָפנ־טייל פונ בוקאָווינע, ווו עס וווינט אנ אוקראינישע באפעלקערונג, וואָס איז פארבונדנ מיט דער סאָוועטישער אוקראינע דורכ דער געמיינזאמקײַט פונ היסטאָרישנ גורל אונ שפראכ. די רעגירונג פונ פססר האָט דערבײַ אָנגעוויזנ, אז דאָס איבערגעבנ צאָפנ־בוקאָווינע דעמ פססר קאָמפּענסירט בלויז אינ א קליינער מאָס דעמ שאָדנ, וועלכנ דער פססר אונ די באפעלקערונג פונ בעסאראביע האָבנ געהאט אינ די 22 יאָר, וואָס רומעניע האָט באלעבאטעוועט אינ בעסאראביע.

די פעסטע פּאָזיציע פונ דער סאָוועטישער רעגירונג, וואָס שטיצט זיכ אפ דעמ אײַזנפעסטנ ווילנ פונ די פעלקער פונ פססר, האָט געצוווּנגענ די

רומענישע רעגירונג נאָכגעבן. דער 22־יאָריקער קאָנפליקט איז געלייזט געוואָרן אָן אַ פרידלעכן אופן.

ארויסגייענדיק פונעם סאָוועטישן פּרינציפּ פון פרייער אנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַליטעטן און פונעם ווונטש וועגן דער ווידערפאַראייניקונג פונעם מאָלדאַווישן פאָלק, וועלכן עס האָט אויסגעדריקט די באַפעלקערונג פון בעסאַראַביע און פון דער מאָלדאַווישער אססר, האָט דער אויבער־ראַט פון פססר דעם 2 אויגוסט 1940 י. אָנגענומען דעם געזעץ וועגן אָרגאַניזירן אַ נייע פאַרבאַנדישע רעפּובליק — די מאָלדאַווישע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק.

אין דער דאָזיקער, 13־טער לויט דער ריי, פאַרבאַנדישער רעפּובליק זיינען אַריין די טעריטאָריע פון די מאָלדאַווישע ראַיאָנען פון בעסאַראַביע און די מאָלדאַווישע אססר.

גלייכצייטיק האָט דער אויבער־ראַט פון פססר אָנגענומען אויך אַ צווייטן געזעץ, לויט וועלכן דער צאָפּנ־טייל פון בוקאָווינע און איינצלנע אויעזדן פון בעסאַראַביע מיט אַן אוקראַאינישער באַפעלקערונג (כאָטינער, איזמאַילער און אקערמאַנער) זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין באַשטאַנד פון דער אוקראַאינישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק.

דערמיט איז פאַרענדיקט געוואָרן די פאַראייניקונג פונעם מאָלדאַווישן פאָלק און עס איז געמאַכט געוואָרן אַ גרויסער שריט פאָרויס אין געביט פון פאַרענדיקן די קאָנסאָלידאַציע פונעם אוקראַאינישן פאָלק.

די ווייטערדיקע פאַרברייטערונג פונעם פססר איז פאָרגעקומען אדאַנק דעם, וואָס צו אים האָבן זיך פרייוויליק פאַראייניקט דריי פעלקער — די פעלקער פון ליטע, לאַטוויע און עסטאָניע. היסטאָריש זיינען זיי געווען פאַרבונדן מיט די פעלקער פון רוסלאַנד נאָך פאַר דער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, זיי זיינען אָבער אָפּגעטיילט געוואָרן פונעם ראַטנ־פאַרבאַנד דורך דער פּאָליטיק פון די אימפּעריאַליסטן און פון זייער „איי־גענער" בורזשואַזיע.

די זעלבשטענדיקייט פון די דאָזיקע מעלוכעס איז מעגלעך געוואָרן בלויז אדאַנק דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. דער פּראָלעטאַריאַט פון די דאָזיקע לענדער האָט שוין ניט איין מאָל אָפּן אויס־געדריקט זיין שטרעבונג איינצושטעלן ראַטנמאַכט, מיט געווער אין די

הענט האָט ער נעקעמפט פאר איר, אָבער די בורזשואזיע, געשטיצט דורך די אויסלענדישע אימפעריאליסטן, איז געווען שטארקער. ווען עס האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט דער קריזיס און עס האָט זיך פארשארפט דער קלאסנקאמפ, האָט די בורזשואזיע פון די דאָזיקע לענדער געמאכט אינ־גאנצן אויס „דעמאָקראטיזם“ און איז אריבערגעגאנגען צו אָפענעם טע־ראָר קעגן דעם ארבעטער־קלאס.

די הערשנדיקע קלאסן פון אָט די לענדער האָבן זיך א לאנגע צייט אָריענטירט אויף דער אינטערווענציע־פּאָליטיק פון די גרויסע אימפעריאליס־טישע מעלוכעס קעגן פססר און, העלפנדיק דער דאָזיקער פּאָליטיק, האָבן זיי פארוואנדלט די דאָזיקע לענדער אין פלאצדארמען קעגן פססר און זיי געמאכט פאר א מאָקעם־מיקלעט פאר די רוסישע ווייסגווארדייער אאוו.

די פעלקער פון ליטע, לאטוויע און עסטאָניע האָבן בא דער אזוי־גע־רופענער „אומאָפּהענגיקייט“ פאקטיש געהאט אויסצושטיין א צווייענדיקע אונטערדריקונג — מיצאד זייער „אייגענער“ בורזשואזיע און פריצים און מיצאד די אויסלענדישע אימפעריאליסטן.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן פאנאנדערוויקלען די צווייטע אימפעריא־ליסטישע מילכאָמע, האָבן די רעגירונגען פון ליטע, לאטוויע און עסטאָניע אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון דער רעגירונג פון פססר וועגן שליסן א פאקט ווענן קעגנזייטיקער הילף. די פעלקער פון ליטע, לאטוויע און עסטאָ־ניע האָבן זיך אזוי געצויגן צום פססר, אז די רעגירונגען זיינען געווען געצוווּנגען צו גיין אף אזא פארשטענדיקונג מיט פססר. אָבער כאָטש די רעגירונגען פון ליטע, לאטוויע און עסטאָניע האָבן פאָרמעל אונטערגע־שריבן דעם פאקט מיט פססר, האָבן זיי ניט אופגעהערט געהיימערהייט צו אינטריגירן קעגן דעם פססר, זיי האָבן זיך אפילע ניט אָפּגעשטעלט פאר קיין פּראָוואָקאציע קעגן די מיליטער־קרעפטן פון פססר, וועלכע האָבן, לויטן פאקט ווענן קעגנזייטיקער הילף, געדארפט פארטיידיקן די אומאָפּהענגיקייט פון די דאָזיקע מעלוכעס.

די רעגירונג פון פססר האָט ארויסגעשטעלט א פאָדערונג, אז דער פאקט ווענן קעגנזייטיקער הילף זאָל אָרנטלעך אויסגעפילט ווערן. גאראנ־טירן דאָס האָט געקאָנט נאָר דאָס ענדערן דעם באשטאנד פון די רעגירונ־גען פון ליטע, לאטוויע און עסטאָניע.

אין יולי 1940 י. זײַנען אָפּן יעסאָר פֿון אַלגעמײַנעם, דירעקטן און גלײַכן וואַלרעכט בײַ אַ געהײמער אָפּשטימונג אויסגעוויילט געוואָרן די סיימען פֿון ליטע און לאַטוויע, די מעלוכע־דומע פֿון עסטאָניע, און זיי האָבן זיך ארויסגעזאָגט פֿאַר אַן ענגער פֿרײַנטשאַפֿט מיט ססר. נאָך מער: וויילנדיק זייערע פֿאָרשטייער, האָבן זיך די פֿעלקער ארויסגעזאָגט פֿאַר אַ סאָוועטישער אָרדענונג, פֿאַר דעם, אַז עס זאָלן ענדגילטיק ליקווי־דירט ווערן די רעשטלעך פֿון די פּלוטאָקראַטישע רעזשימען. אויספֿילנדיק דעם ווילן פֿון זייערע פֿעלקער, האָבן די נײַע דעמאָקראַטישע פּאַרלאַמענטן פֿון ליטע, לאַטוויע און עסטאָניע זיך ארויסגעזאָגט פֿאַר אײַנשטעלן ראַטנ־מאַכט, פֿאַר אַ סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק, פֿאַר אָנשליסן זיך צום ססר, פֿאַר אַן ענגער אָרגאַנישער פֿאַרבינדונג, פֿרײַנטשאַפֿט און מיטאַרבעט מיט די פֿעלקער פֿון ססר.

די זיבעטע סעסיע פֿונעם אויבער־ראַט פֿון ססר (ערשטער צונויפֿרוף) האָט אָנהייב אויגוסט 1940 י. אויסגעהערט די פֿאָרשטייער פֿון די פּול־מעכטיקע דעלעגאַציעס פֿון דעם ליטווישן און לאַטווישן סיים און פֿון דער עסטאָנישער מעלוכע־דומע און האָט אָנגענומען געזעצן, וואָס האָבן באַפֿרידיקט די ביטעס פֿון די סיימען פֿון ליטע, לאַטוויע און פֿון דער מעלוכע־דומע פֿון עסטאָניע וועגן אָנעמען די ליטווישע סאָוועטישע סאָצי־אַליסטישע רעפּובליק, די לאַטווישע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק און די עסטאָנישע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק אינעם פֿאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן אַלס גלײַכבארעכטיקטע פֿאַרבאַנדי־שע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן.

* * *

אונטערפֿירנדיק די סאַכאַקלען, דאַרף מען אָנווײַזן:

1. דאָס לאַנד פֿון סאָציאַליזם איז געוואָרן אַ גרויסע צוציִונגס־קראַפֿט. די אַרבעטנדיקע, די אונטערדריקטע נאַציעס פֿון דער וועלט זאָגן אָפֿן אַרויס זייערע סימפּאַטיעס צום ססר.

2. די קלונגשאַפֿטלעכע לעניג־סטאַלינישע פּאָליטיק האָט געזיכערט דעם וווּקס און דעם אויפֿבלי פֿון דער סאָציאַליסטישער פֿילנאַציאָנאַלער מעלוכע,

בײַם א רײַ קאַפּיטאַליסטישע לענדער (אַלטע און פּונקטאַסניי אויפגעקומענע נאָך דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע) האָבן געליטן א קראַך אָדער געפינען זיך אין א גסיסע־צושטאַנד.

די קאַפּיטאַליסטישע װעלט איז געװען געצװוּנגען נאָכאַמאָל אָפּטרעטן און אָפּרײַניקן אן אָרט פאַרן זיגרײַכן פאָרמאַרש פון דער סאָציאַליסטישער מעלוכע. פססר פאַרברײטערט זיך און װאַקסט. אָנשטאָט 11 פאַרבאַנדישע רעפּובליקן (צום מאָמענט פון אָנעמען די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע) פאַראייניקט פססר אצינד שוין 16 פאַרבאַנדישע סאָװעטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן.

פאַר דעם זעלבן פעריאָד איז די באַפעלקערונג פון פססר אויסגעװאַקסן פון 170 מיליאָן ביז 193 מיליאָן.

3. די אָנשליסונג פון נײַע טעריטאָריעס צום פססר און די אויסבילדונג פון נײַע פאַרבאַנדישע סאָװעטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן איז פאַרװירקלעכט געװאָרן לויטן װילן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון די דאָזיקע טעריטאָריעס. די פּריװיליקײַט פונעם פאַרבאַנד פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע פעלקער שטרײַכט נאָך שטאַרקער אונטער די מעכטיקײַט פון דער סאָװעטישער סאָציאַליסטישער פילנאַציאָנאַלער מעלוכע.

## די פאָרמען פון דער מעלוכע־אײַנאָרדענונג פון די נאַציאָנאַליטעטן אין פססר

די פאָרמען פון דער מעלוכע־אײַנאָרדענונג פון די נאַציאָנאַליטעטן זײַנען פאַרשיידן, אָפּהענגיק פון די לעבנס־באַדינגונגען פון יעטװידן פאָלק אָדער פון א גרופּע פעלקער, װאָס זײַנען פאַראייניקט אין די גרענעצן פון איין סאָװעטישער רעפּובליק. די אַלע מעלוכע־פאָרמען זײַנען בײַגעװדיק. זיי גיבן א מעגלעכקײַט לײַכט אַריבערצוגיין פון איין פאָרם צו דער צװייטער, פון אן אױטאָנאָמער געגנט צו אן אױטאָנאָמער רעפּובליק, פון אן אױטאָנאָמער רעפּובליק צו א פאַרבאַנדישער רעפּובליק. רעכענענדיק זיך מיט די אָרטיקע באַדינגונגען און באַדערפענישן, גוצט אויס די דיקטאַטור פונעם אַרבעטער־קלאַס די אָדער יענע פאָרם פון דער מעלוכע־אײַנאָרדענונג פון די נאַציאָנאַליטעטן, קעדיי דערציִען, לערנען און אַרײַנ־

ציִענג אינ פארוואלטנג מיט דער מעלוכע אונ מיט דער פראָדוקציע די מי-
ליאָניקע מאסנ ארבעטנדיקע פונ אלע נאציִאָנאליטעטנ. די פאָרמענ פונ
דער מעלוכע-איינאָרדענונג אינ די נאציִאָנאלע רעפובליקנ זיכערנ דעמ
אליזייטיקנ אופשטייג פונ דער קולטורעלער אונ עקאָנאָמישער אנטוויקלונג
פונ די ארבעטנדיקע פונ אלע נאציִאָנאליטעטנ אונ שאפנ א פעסטע באזע
פאר זייער אינטערנאציִאָנאלער פריינטשאפט.

אינעמ ארטיקל 13 פאָרמולירט די סטאלינישע קאָנסטיטוציע אפ אזא
אויפנ די מעלוכע-איינאָרדענונג פונ ססר:

„דער פארבאנד סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליקנ איז א
פארבאנדישע מעלוכע, געבילדעט אפנ יעסאָד פונ פריוויליקער פארייניקונג
פונ גלייכבארעכטיקטע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליקנ:

רוסלענדישע סאָוועטישע פעדעראטיווע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
אוקראינישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
ווייסרוסישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
אזערביידזשאנישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
גרוזינישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
ארמענישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
טורקמענישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
אוזבעקישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
טאדזשיקישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
קאזאכישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
קירגיזישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
קארעליש-פינישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
מאָלדאווישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
ליטווישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
לאטווישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק,
עסטאָנישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק“.

די סאָוועטישע פארבאנדישע מעלוכע פארייניקט, אזוי ארומ, 16
פארבאנדישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליקנ.

אפנ אויסעראָרדנטלעכנ VIII אלפארבאנדישנ ראטנ-צוזאמענפאָר האָט

כאווער סטאלינס אָנגעוויזן אַף דרײַ סימאָנים, וואָס אַף זייער גרונט זײַנען אויסגעבילדעט געוואָרן די עקזיסטירנדיקע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן.

„ערשטנס, — האָט געזאָגט דער כאַווער סטאַלין, — איז נייטיק, אַז די רעפּובליק זאָל זײַן אַ ראַנד־רעפּובליק, אַזאַ, וואָס איז ניט אַרומגעריגלט פֿון אַלע זײַטן מיט דער טעריטאָריע פֿון ססר. פֿאַרוואָס? ווײַל אויב באַר דער פֿאַרבאַנדישער רעפּובליק ווערט אײַנגעהיט דאָס רעכט אַרויסצוטרעטן פֿונעם פֿאַרבאַנד ססר, איז נייטיק, אַז די דאָזיקע רעפּובליק, וואָס איז געוואָרן אַ פֿאַרבאַנדישע, זאָל האָבן די מעגלעכקייט לאָגיש און פֿאַקטיש צו שטעלן די פֿראַגע וועגן איר אַרויסטרעטן פֿון ססר...

צווייטנס, איז נייטיק, אַז די נאַציאָנאַליטעט, וואָס מיט איר נאָמען האָט מען אָנגערופֿן די ראַטן־רעפּובליק, זאָל בילדן אין דער רעפּובליק אַ מער אָדער ווייניקער קאָמפּאַקטע מערהייט...

דריטנס, איז נייטיק, אַז די רעפּובליק זאָל זײַן ניט זייער קיין קליינע אינעם זינען פֿון איר צאָל באַפֿעלקערונג, אַז זי זאָל האָבן אַ באַפֿעלקערונג, לאָמיר זאָגן, ניט ווייניקער, נאָר מער כאָטשבי פֿון אַ מיליאָן“ [1].

דער אַרטיקל 15 פֿון דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע ווײַזט אָן, אַז די רעכט פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן זײַנען באַגרענעצט „בלויז אין די ראַמען, וואָס זײַנען אָנגעוויזן אינעם אַרטיקל 14 פֿון דער קאָנסטיטוציע פֿון ססר“.

וועגן וואָס רעדט דער אַרטיקל 14 פֿון דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע? דער אַרטיקל 14 רעדט, ערשטנס, וועגן דעם, אַז דירעקט צו דער קאָמפּעטענץ פֿון די העכסטע מאַכט־אָרגאַנען און פֿאַרוואַלטונג־אָרגאַנען פֿונעם פֿאַרבאַנד געהערן די פֿראַגן פֿון לאַנדשוץ און פֿון באַציִונגען מיט אויסלענדישע מעלוכעס. צו די דאָזיקע פֿראַגן געהערן: די פֿראַגן פֿון מילכאָמע און שאָלעם; דאָס אָרגאַניזירן די לאַנדשוץ פֿון ססר און דאָס אָנפֿירן מיט אַלע באַוואָפֿנטע קרעפֿטן פֿון ססר; דאָס פֿאַרטרעטן דעם ססר אין די צווישנפֿעלקערלעכע באַציִונגען, דאָס שליסן און ראַטיפֿיצירן

---

[1] סטאַלין, פֿראַגן פֿון לעניניזם, ז. 565—566, מעלוכע־פֿאַרלאַג „דער עמעס“, 1941 י.

אָפּמאַכן מיט אַנדערע מעלוכעס; דער אויסערן־האַנדל אַפּן יעסאָד פון מעלוכישער מאָנאָפּאָל; דאָס באַוואַכן די מעלוכישע געפּאַרלאָזיקײַט. מיט די דאָזיקע פראַגן איז אויך ענג פאַרבונדן די דערגאַנצונג צו דער קאָנ־סטיטוציע פון פססר, וועלכע עס האָט אָנגענומען די ערשטע סעסיע פו־נעם אויבער־ראַט פון פססר לויטן דעם, אַז דער פּרעזידיום פונעם אויבער־ראַט פון פססר האָט רעכט צו דערקלערן אין באַזונדערע געגנטן אָדער אינעם גאַנצן פססר קריגס־צושטאַנד אין די אינטערעסן פון דער לאַנדשוץ פון פססר אָדער אין די אינטערעסן פון זיכערן די געזעלשאַפטלעכע אָר־דענונג און די מעלוכישע געפּאַרלאָזיקײַט.

די צווייטע גרופּע פראַגן — דאָס זײַנען פראַגן פון ווירטשאַפט און פינאַנסן: דאָס אײַנשטעלן די פאָלקסווירטשאַפטלעכע פּלענער פון פססר; דאָס באַשטעטיקן דעם אייניהײַטלעכן מעלוכע־בודזשעט פון פססר און אויך די שטײַערן און האַכנאָסעס, פון וועלכע עס ווערן אויסגעבילדעט די פאַרבאַנדישע, רעפּובליקאַנישע און אָרטיקע בודזשעטן; דאָס פאַרוואַלטן מיט די בענק, מיט די אינדוסטריעלע און לאַנדווירטשאַפטלעכע אַנשטאַלטן און אינטערנעמונגען און אויך מיט די האַנדלס־אונטערנעמונגען — פון אַלפאַרבאַנדישער באַדײַטונג; דאָס פאַרוואַלטן מיטן טראַנספּאָרט און מיט דער פאַרבינדונג; דאָס אָנפירן מיט דער געלט־ און קרעדיט־סיסטעם; דאָס אָרגאַניזירן די מעלוכישע סטראַכירונג; דאָס מאַכן און געבן הַלוואָעס; דאָס אײַנשטעלן די גרונט־פּרינציפּן פון ערד־באַנוץ און אויך פון באַנוצן די ערד־טיפענישן, וועלדער און וואַסערן; דאָס אָרגאַניזירן די אייניהײַטלע־כע סיסטעם פון פאָלקסווירטשאַפטלעכן דיסקאָנט.

א טייל צווײַגן פון דער פאָלקסווירטשאַפט ווערן פאַרוואַלטעט אויס־שליסלעך דורך פאַרבאַנדישע מעלוכע־אינסטיטוציעס: פאַרקער־וועגן, פאַר־בינדונג, וואַסער־טראַנספּאָרט, שווערע אינדוסטריע, לאַנדשוץ־אינדוסטריע, מאַשינבויונג, פאַרגרייטונגען אאַ. מיט די דאָזיקע צווײַגן פירן אָן אַל־פאַרבאַנדישע פאָלקס־קאָמיסאַריאַטן. זיי פירן אָן אָדער אַליין, אָדער דורך אָרגאַנען, וועלכע זיי באַשטימען. מיט דעם אַנדערן טייל פון די ווירט־שאַפט־צווײַגן פירט אָן דער פאַרבאַנד דורך די פאַרבאַנדיש־רעפּובליקאַני־שע פאָלקס־קאָמיסאַריאַטן. די פאַרבאַנדיש־רעפּובליקאַנישע פאָלקס־קאָמי־סאַריאַטן, ווידער, פירן אָן מיט דעם ווירטשאַפט־צווײַג, וואָס איז זיי אָנ־

געטרויט אלס קלאל דורכ די פאָלקס-קאָמיסאריאטנ פונ די פארבאנדישע רעפובליקנ אונ האָבנ דירעקט צו זאָגנ בלויז איבער א באשטימטער באגרענעצטער צאָל אונטערנעמונגענ לויט א רעשימע, וואָס ווערט באשטעטיקט דורכנ פרעזידיום פונעם אויבער-ראט פונ פססר. צו די דאָזיקע ווירטשאפט-צווײַגנ געהערנ: די שפײַז- אונ וואלד-אינדוסטריע, די לײַכטע אינדוסטריע, ערד-ארבעט, טוווע- אונ באלעכײַמצוכט-ראטווירטנ, פינאנסנ אונ אינערנ-האנדל אא.

צו דער דריטער גרופע געהערנ די סאָציאל-קולטורעלע פראגנ — דאָס אײַנשטעלנ די גרונט-פרינציפנ אינ געביט פונ בילדונג אונ געזונט-פארהיטונג אונ דאָס אײַנשטעלנ די יעסוידעס פונ דער געזעצגעבונג וועגנ ארבעט. מיט באזונדערע סאָציאל-קולטורעלע צווײַגנ, ווי אשטייגער געזונט-פארהיטונג, פארוואלטנ פארבאנדיש-רעפובליקאנישע קאָמיסאריאטנ.

צו דער פערטער גרופע פראגנ געהערט: דער קאָנטראָל איבער דער אויספילונג פונ דער קאָנסטיטוציע, טעריטאָריעלע פראגנ, פראגנ פונ בירגערשאפט אונ געזעצגעבונג, אז די קאָנסטיטוציעס פונ די פארבאנדישע רעפובליקנ זאָלנ אנטשפרעכנ דער קאָנסטיטוציע פונ פססר; דאָס באשטעטיקנ די ענדערונגענ פונ די גרענעצנ צווישנ די פארבאנדישע רעפובליקנ; דאָס באשטעטיקנ די אויסבילדונג פונ נײַע קאנטנ אונ געגנטנ אונ אויכ פונ נײַע אווטאָנאָמע רעפובליקנ אינעם באשטאנד פונ די פארבאנדישע רעפובליקנ; די געזעצגעבונג וועגנ געריכט-אײַנאָרדענונג אונ געריכט-פירונג; דער ציווילער אונ קרימינעלער קאָדעקס; די געזעצנ וועגנ פארבאנדישער בירגערשאפט אונ וועגנ די רעכט פונ אויסלענדער אונ דאָס ארויסגעבנ אלפארבאנדישע אקטנ וועגנ אמניסטיע. די איבערוועגנדיקע מערהײַט פונ די דאָזיקע פראגנ האָט ניט נאָר אנ אינערלעכע, נאָר אויכ א צווישנפעלקערלעכע באדײַטונג, דערצו נאָכ ווערנ זיי געלייזט אינ אלטעגלעכנ קאמפ צווישנ צוויי וועלטנ, צוויי סיסטעמענ. אצינד ווערנ זיי געלייזט אינ די באדינגונגענ פונ דער צווייטער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, ווענ דער קאפיטאליזמ, וואָס האָט זיכ פארפלאָנטערט אינ זײַנע ווידערשפרוכנ, שטרעבט צו לייזנ זיי אפנ כעזשבנ פונ פססר.

ארויסגייענדיק פונ דער געמיינזאמקײַט אונ אייגנהײַט פונ די אינטערעסנ אונ אויפגאבנ פונ דער שוצ פונעמ גאנצנ סאָוועטישנ פאָלק, אָנער-

קענט יעדע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליק אין איר קאָנסטיטוציע, אַז אויף איר טעריטאָריע איז אָבליגאַטאָריש אויסצופֿילן די געזעצן פֿון ססס״ר, וואָס זײַנען אַרויסגעגעבן אין הסכּם מיטן אַרטיקל 14 פֿון דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע. דאָס איז פֿאַרשריבן אינעם אַרטיקל 13 פֿון אַלע קאָנסטיטוציעס פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן.

אין דער קאָנסטיטוציע פֿון רספּס״ר איז פֿאַרשריבן, אַז „רספּס״ר זיכערט פֿאַר דעם ססס״ר אין דער געשטאַלט פֿון זײַנע העכסטע מאַכט־אָרגאַנען און אָרגאַנען פֿון מעלוכע־פֿאַרוואַלטונג די רעכט, וואָס זײַנען באַשטימט דורכן אַרטיקל 14 פֿון דער קאָנסטיטוציע פֿון ססס״ר.

אויסער די ראַמען פֿונעם אַרטיקל 14 פֿון דער קאָנסטיטוציע פֿון ססס״ר, פֿאַרווירקלעכט רספּס״ר די מעלוכע־מאַכט זעלבשטענדיק, אײַנהייטנדיק פֿולשטענדיק אירע סאָווערענע רעכט".

אין פֿאַל, ווען אַ געזעץ פֿון דער פֿאַרבאַנדישער רעפּובליק שטימט ניט מיטן אַלפֿאַרבאַנדישן געזעץ, איז גילטיק דער אַלפֿאַרבאַנדישער געזעץ, ווײַל ער דריקט אויס דעם ווילן פֿונעם גאַנצן סאָוועטישן פֿאָלק. דאָס דרינגט אַרויס אויך דורך דער פּלאַנעווער סטרוקטור פֿון אונדזער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפֿט.

אויף דער טעריטאָריע פֿון יעדער פֿאַרבאַנדישער רעפּובליק זײַנען אַזוי אַרום גילטיק אי די געזעצן פֿון ססס״ר, אי די געזעצן פֿון דער פֿאַרבאַנדישער רעפּובליק. יעדע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליק האָט אויך איר אויבער־געריכט.

אויסער די ראַמען פֿונעם אַרטיקל 14 פֿון דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע, היט אײַן יעדע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליק אַלע אירע סאָווערענע רעכט, וואָס זײַנען געזיכערט מיט פֿאָלגנדיקע רעכטלעכע גאַראַנטיעס:

1. די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן — דאָס זײַנען מעלוכעס מיט אייגענע העכסטע געזעצגעבערישע אָרגאַנען, וואָס שאַפֿן געזעצן, וועלכע געהערן צו דער קאָמפּעטענץ פֿון דער פֿאַרבאַנדישער רעפּובליק;

2. יעדע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליק האָט איר גרונט־געזעץ—די קאָנסטיטוציע, וועלכע זי האָט רעכט אַליין צו ענדערן אין הסכּם מיט דער פֿאַרבאַנדישער קאָנסטיטוציע. יעדע קאָנסטיטוציע דיסקאָנטירט די באַזונ־

דערקלײַמטן פֿון דער געגעבענער רעפּובליק, א דאָמינירנדיקע ראָליע צווישן זיי שפּילן די נאַציאָנאַלע באַזונדערקײַטן.

3. די טעריטאָריע פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן קאָן ניט געענדערט ווערן אָן זייער האַסקאָמע.

4. די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן איז גאַראַנטירט דער סאַמע ברייטער און גלײַכבאַרעכטיקטער אָנטייל אין די העכסטע מאַכט־אָרגאַנען פֿונעם פֿאַרבאַנד (ביפּראַט אינעם נאַציאָנאַליטעטן־ראַט), דורך וועלכע די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן קאָנען אַקטיוו ווירקן אויפֿן גאַנג פֿון דער פֿאַרבאַנדי־שער געזעצגעבונג. יעדע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליק שיקט צו 25 דעפּוטאַטן אינעם נאַציאָנאַליטעטן־ראַט, כוץ דער פֿאָרשטייערשאַפֿט פֿון די אווטאָנאָ־מע רעפּובליקן, אווטאָנאָמע געגנטן און נאַציאָנאַלע קרײַזן, וואָס גייען אַרײַן אינעם באַשטאַנד פֿון דער פֿאַרבאַנדישער רעפּובליק. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז פֿון יעדער פֿאַרבאַנדישער רעפּובליק ווערט אויסגע־וויילט איינ פֿאַרטרעטער פֿונעם פֿאָרזיצער פֿונעם פּרעזידיום פֿון אויבער־ראַט.

5. יעדע פֿאַרבאַנדישע רעפּובליק האָט דאָס רעכט פֿרײַ אַרויסצוטרעטן פֿון פֿססר.

די איינהייט, וואָס עקזיסטירט צווישן די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן איז אַ גאַראַנטיע, אַז די אימפּעריאַליסטן זאָלן זיך ניט וואַגן פֿאַרמעסטן אויף זייער אומאָפּהענגיקייט. דאָס רעכט פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן פֿרײַ אַרויסצוטרעטן פֿונעם פֿאַרבאַנד איז אַ גאַראַנטיע פֿון דער פֿרײַוויליקייט פֿון דעם דאָזיקן פֿאַרבאַנד און פֿון זײַן איינהייט.

„אייניקע — זאָגט כאַווער סטאַלין — שטעלן אַ ריין סכאָלאַסטישע פֿראַגע: איז וואָס זשע, נאָך דער פֿאַרייניקונג בלײַבן דען די רעפּובליקן אומאָפּהענגיק? דאָס איז אַ סכאָלאַסטישע פֿראַגע. זייער אומאָפּהענגיקייט ווערט באַגרענעצט, ווײַל יעטווידע פֿאַרייניקונג איז אַ געוויסע באַגרענעצונג פֿון די פֿריִער עקזיסטירטע רעכט בײַ די, וואָס האָבן זיך פֿאַראייניקט. אָבער עלעמענטן פֿון אומאָפּהענגיקייט בלײַבן דאָ זיכער בײַ יעדער רעפּובליק, ווײַל יעדע רעפּובליק האָט רעכט איינזײַטיק אַרויסצוטרעטן פֿונעם באַ־שטאַנד פֿונעם פֿאַרבאַנד. אָט דאָס זײַנען די עלעמענטן פֿון אומאָפּהענגי־קײַט, אָט דאָס איז דער מאַקסימום אומאָפּהענגיקייט אין דער פּאָטענץ,

ווערלכער בלײַבט בײַ יעדער פון די רעפּובליקן, וואָס גייען אַרײַן אין פֿאַר־באַנד, און ווערלכן זי קאָן אַלעמאָל פֿאַרווירקלעכן"[1].

דערמיט, וואָס זיי אַליין באַגרענעצן פֿרײַוויליק זייער סוווערעניטעט לעמפּוויוועס דעם פֿאַרבאַנד, העלפֿן די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן פֿאַרשטאַרקן די שוצפֿייִקייט פֿונעם פּססר, העכערן דעם ווױלשטאַנד אויך פֿון יעדער פֿאַרבאַנדישער רעפּובליק.

פּססר — דאָס איז אַ מעלוכע, „וואָס איז פֿייִק צו זיכערן אי די אויסערלעכע געפֿאַרלאָזיקייט, אי דעם אינערלעכן ווירטשאַפֿטלעכן דער־פֿאָלג, אי די פֿרײַהייט פֿון דער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פֿון די פֿעלקער" [2].

„פּססר שיצט די סוווערענע רעכט פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן" (אַרטיקל 15 פֿון דער קאָנסטיטוציע).

יעדער בירגער פֿון דער פֿאַרבאַנדישער רעפּובליק איז אַ בירגער פֿון פּססר.

די מעכטיקייט פֿונעם פֿאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן באַשיצט קעגן די אימפּעריאַליסטישע פּרעטענזיעס יעדע סאָוועטישע נאַציע, צי איז זי גרויס צי קליין.

* * *

די אויטאָנאָמע סאָוועטישע רעפּובליקן — דאָס זײַנען מעלוכעס, וואָס גייען אַרײַן אין באַשטאַנד פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן.

אויטאָנאָמע רעפּובליקן איז אין פּססר פֿאַראַן 20.

פֿון זיי:

אין רספסר — 16: די טאָטערישע, באַשקירישע, דאַגעסטאַנישע, בור־יאַט־מאָנגאָלישע, קאַבאַרדאַ־באַלקאַרישע, קאַלמיקישע, קאָמי, קרימער, מאַ־

---

[1] סטאַלין, מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פֿראַגע, ז. 149, „גאָס־פּאָליטיזדאַט", 1939 י.

[2] פֿון דער דעקלאַראַציע פֿונעם I ראַטן־צוזאַמענפֿאָר פֿונעם פֿאַרבאַנד ססר דעם 30 דעקאַבער 1922 י. „ראַטן־צוזאַמענפֿאָרן", ז. 266, 1935 י.

־יער, מאָרדאָווישע, פון די וואָלגע־דײַטשן, צאַפּנ־אָסעטישע, אודמורטישע, טשעטשעניש־אינגושער, טשוּוואשער, יאקוטער.
אין דער אזערבײַדזשאנישער סםר — 1: די נאכיטשעוואנער.
אין דער גרוזינישער סםר — 2: די אבכאזישע און אדזשארישע.
אין דער אוזבעקישער סםר — 1: די קארא־קאלפאקישע.
אויסער די ראמען פונעם ארטיקל 14 פון דער קאָנסטיטוציע פון ססר און פון די אנטשפּרעכיקע ארטיקלען פון די קאָנסטיטוציעס פון די פארבאנדישע רעפּובליקן, וואָס שטעלן אײַן דעם קרײַז פראגן, וועלכע גע־הערן צו דער קאָמפּעטענץ פון דער געגעבענער פארבאנדישער רעפּובליק (רספסר — ארטיקל 19, גרוזינישע סםר — ארטיקל 14 אאא.), פאר־ווירקלעכן די אווטאָנאָמע רעפּובליקן די מעלוכע־מאכט אַף אווטאָנאָמע יעסוידעס.
די געזעצן פון פססר און פון דער אנטשפּרעכיקער פארבאנדישער רע־פּובליק זײַנען אָבליגאטאָריש אַף דער טעריטאָריע פון דער אווטאָנאָמער רעפּובליק.
די אווטאָנאָמע רעפּובליקן האָבן זייערע העכסטע געזעצגעבערישע אָר־גאנען (אויבער־ראטן); זיי גיבן ארויס געזעצן, וועלכע געהערן צו דער קאָמפּעטענץ פון די אווטאָנאָמע רעפּובליקן. די אווטאָנאָמע רעפּובליקן האָבן זייערע העכסטע אָרגאנען פון מעלוכע־פארוואלטונג (ראטפאָלקאָמען), וואָס זײַנען די העכסטע אויספיר־ און פארוואלטונג־אָרגאנען פון דער מע־לוכע־מאכט אין די אווטאָנאָמע רעפּובליקן.
די אווטאָנאָמע רעפּובליקן האָבן אויך זייערע אויבער־געריכטן; זיי ווערן אויסגעווײלט דורך די אויבער־ראטן און גיבן אכטונג אַף דער טעטיקײַט פון אלע געריכט־אָרגאנען פון דער אססר.
די אווטאָנאָמע רעפּובליקן האָבן זייערע קאָנסטיטוציעס; די קאָנסטי־טוציעס ווערן אָנגענומען דורך די אויבער־ראטן פון די אווטאָנאָמע רע־פּובליקן און ווערן באשטעטיקט דורך די אויבער־ראטן פון די פארבאנדי־שע רעפּובליקן. די קאָנסטיטוציעס דיסקאָנטירן די באזונדערקײַטן פון דער געגעבענער אויטאָנאָמער רעפּובליק און ביפראט — אירע נאציאָנאלע באַ־זונדערקײַטן.
די טעריטאָריע פון דער אווטאָנאָמער רעפּובליק קאָן ניט געענדערט

ווערן אָן איר האַסקאָמע. די העכסטע אָרגאַנען פון די אויטאָנאָמע רע־פובליקן שטעלן איין די ראיאָנע טיילונג, די גרענעצן פון די ראיאָנען, פון די שטעט אאוו.

די העכסטע אָרגאַנען פון דער אויטאָנאָמער רעפובליק פירן אָן מיט די אָרטיקע אָרגאַנען פון דער מעלוכע־מאַכט, באַשטעטיקן די פאָלקסווירט־שאַפטלעכע פּלענער, דעם בודזשעט, די אָרטיקע שטייערן פון די האַכנאָ־סעס אין העסקעט מיט די געזעצן פונעם פאַרבאַנד און פון דער פאַרבאַנדישער רעפובליק; זיי פירן אָן מיט די אינדוסטריעלע און לאַנד־ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, מיט די האַנדלס־אונטערנעמונגען און אָרגאַניזאַציעס פון רעפובליקאַנישער באַדייטונג, זיי פאַרווירקלעכן דעם קאָנטראָל איבערן צושטאַנד און איבער דער פאַרוואַלטונג מיט די אונטער־נעמונגען, וואָס זיינען אונטערגעוואָרפן די אָרגאַנען פונעם פאַרבאַנד און פון דער פאַרבאַנדישער רעפובליק; זיי קאָנטראָלירן, וויאַזוי עס ווערט אויסגענוצט די ערד, די ערד־טיפענישן, די וועלדער און וואַסערן אין העס־קעם מיט די געזעצן פונעם פאַרבאַנד און פון דער פאַרבאַנדישער רע־פובליק; זיי פירן אָן מיט דער געזונט־פאַרהיטונג, מיט דער סאָציאַלער פאַרזיכערונג, מיט דער פאָלקס־בילדונג, צו זייער קאָמפּעטענץ געהערט דאָס אָפּהיטן די מעלוכע־אָרדענונג, די רעכט פון די בירגער אאוו.

דער אונטערשייד צווישן די אויטאָנאָמע רעפובליקן און די פאַרבאַנדי־שע באַשטייט אָט אין וואָס: די אויטאָנאָמע רעפובליקן האָבן ניט די סי־מאָנים, וועגן וועלכע כאַווער סטאַלין האָט געזאָגט, אַז זיי זיינען כאַראַק־טעריסטיש פאַר די פאַרבאַנדישע רעפובליקן. דאָס געהערט אויך צו איינ־צלנע אויטאָנאָמע רעפובליקן, וואָס געפינען זיך אויף די ראַנדן פונעם לאַנד. כאַווער סטאַלין האָט עס איליוסטרירט מיטן ביישפּיל פון דער קרימער רעפובליק.

„לאָמיר נעמען, למשל, — האָט געזאָגט כאַווער סטאַלין אויפן אַוי־סעראָרדנטלעכן VIII אַלפאַרבאַנדישן ראַטן־צוזאַמענפאָר, — די קרימער אויטאָנאָמע רעפובליק. זי איז א ראַנד־רעפובליק, אָבער די קרימער טאָ־טערן האָבן ניט קיין מערהייט אין דער דאָזיקער רעפובליק, פאַרקערט, — זיי באַטרעפן דאָרט א מינדערהייט".

צום אונטערשייד פון די פאַרבאַנדישע רעפובליקן, ווערט אין די קאָנ־

סטיטוציעס פון די אווטאָנאָמע רעפּובליקן ניט אויסגערעדט דאָס רעכט
פרײַ ארויסצוטרעטן פונעם פאַרבאַנד.

„לאָמיר נעמען, לעמאָשל, — האָט געזאָגט כאַווער סטאַלין, — די
באַשקירישע אָדער די טאַטערישע רעפּובליק. לאָמיר זאָגן, אַז די דאָזיקע
אויטאָנאָמע רעפּובליקן האָט מען אַריבערגעפירט אין דער קאַטעגאָריע
פאַרבאַנד־רעפּובליקן. צי וואָלטן זיי געקאָנט שטעלן לאָגיש און פּראַק־
טיש די פראַגע וועגן ארויסטרעטן פון ססס״ר? ניין, זיי וואָלטן ניט גע־
קאָנט. פאַרוואָס? ווײַל זיי זײַנען פון אַלע זײַטן ארומגערינגלט מיט סאָוועט־
טישע רעפּובליקן און געגנטן, און זיי האָבן ניט, אייגנטלעך גערעדט, וווּ־
הין ארויסצוטרעטן פונעם באַשטאַנד פון ססס״ר״ [1].

די קאָנסטיטוציעס פון די פאַרבאַנדישע רעפּובליקן ווערן אָנגענומען
בלויז דורך די אויבער־ראַטן פון די פאַרבאַנדישע רעפּובליקן און דאַרפן
ניט מער קיין שום באַשטעטיקונגען. זיי דאַרפן בלויז ניט ווידערשפּרעכן
דער קאָנסטיטוציע פון ססס״ר. די קאָנסטיטוציעס פון די אווטאָנאָמע רעפּוב־
ליקן ווערן אָנגענומען דורך די אויבער־ראַטן פון די דאָזיקע רעפּובליקן
און ווערן באַשטעטיקט דורך די אויבער־ראַטן פון די פאַרבאַנדישע רע־
פּובליקן. דאָס מוז געטאָן ווערן צוליב דעם, ווײַל די פאַרבאַנדישע רעפּוב־
ליקן טראָגן פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַרן וווּקס און פאַר דער אַנטוויקלונג
פון יעדער אווטאָנאָמער רעפּובליק. די פאַרבאַנדישע רעפּובליקן
טראָגן אויך לעגאַבע דעם פאַרבאַנד די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר דער
סטאַבילקײַט פון די טעריטאָריעס פון די אווטאָנאָמע רעפּובליקן, ווײַל די
דאָזיקע טעריטאָריעס זײַנען די מאַטעריעלע באַזע פון זייער אַנטוויקלונג.
די העכסטע מאַכט־אָרגאַנען פון ססס״ר באַשטעטיקן די גרענעצן און די
ראַיאָנען טיילונג פון די אווטאָנאָמע רעפּובליקן (אַרטיקל 19, פּ. „ד״). אין
דער קאָנסטיטוציע פון ססס״ר זײַנען גענוי אויסגערעכנט די אַדמיניסטראַ־
טיוו־טעריטאָריעלע טיילונגען (אַרטיקלען 22, 23, 24 אאַ.) פון די
פאַרבאַנדישע רעפּובליקן. די פאַרבאַנדישע רעפּובליק טראָגט אַזוי אַרום לע־

[1] סטאַלין, פראַגן פון לעניניזם, ז. 565, מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס״,
1941.

גאבע דעמ פארבאנד די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דעמ, אז עס זאָל אָפּגעהיט ווערנ די אדמיניסטראטיוו-טעריטאָריעלע טיילונג, וואָס איז פארשריבנ אינ דער קאָנסטיטוציע פונ ססר. יעדע ענדערונג דארפ באשטעטיקט ווערנ דורכ די העכסטע אָרגאנענ פונעמ פארבאנד.

אנטשפּרעכיק דערצו שטייט אינ דער קאָנסטיטוציע פונ רספסר, צומ בײַשפּיל, אז אינ דער קאָמפּעטענצ פונ די העכסטע מאכט-אָרגאנענ פונ רספסר גייט ארײַנ דאָס „איבערגעבנ צומ באשטעטיקנ דעמ אויבער-ראט פונ ססר די אויסבילדונג פונ נײַע קאנטנ אונ געגנטנ אונ אויכ פונ נײַע אווטאָנאָמע רעפּובליקנ אונ געגנטנ אינ באשטאנד פונ רספסר“ (ארטיקל 19, פּ. „ג“).

די אווטאָנאָמע רעפּובליקנ נעמענ א דירעקטנ אָנטייל אינ באשטעטיקנ די געזעצנ פונ ססר, ביפראט אויכ דורכנ נאציאָנאליטעטנ-ראט, ווו יעדע אווטאָנאָמע רעפּובליק שיקט צו 11 דעפּוטאטנ. כוצ דעמ נעמענ זיי א אָנטייל אינ די וואלנ פונ די דעפּוטאטנ צומ נאציאָנאליטעטנ-ראט צוזאמענ מיט דער גאנצער פארבאנדישער רעפּובליק. זיי נעמענ אנ אָנטייל אויכ אינ דער געזעצגעבונג פונ דער פארבאנדישער רעפּובליק, שיקנדיק דעפּוטאטנ אינעמ אויבער-ראט פונ דער פארבאנדישער רעפּובליק לויט דער נאָרמע, וואָס איז אײַנגעשטעלט דורכ דער קאָנסטיטוציע פונ דער דאָזיקער רעפּובליק.

לויט די קאָנסטיטוציעס פונ אייניקע פארבאנדישע רעפּובליקנ זײַנענ די פארשטייער פונ די באזונדערע אווטאָנאָמע רעפּובליקנ — שטעלפארטרעטער פונ דעמ פאָרזיצער פונעמ פּרעזידיומ פונעמ אויבער-ראט פונ דער פארבאנדישער רעפּובליק. דער ארטיקל 31, אשטייגער, פונ דער קאָנסטיטוציע פונ רספסר שטעלט אײַנ די צאָל פונ די שטעלפארטרעטער פונעמ פאָרזיצער פונעמ פּרעזידיומ פונעמ אויבער-ראט פונ רספסר „לויט דער צאָל אווטאָנאָמע רעפּובליקנ“. אנאלאָגישע אָנווײַזונגענ זײַנענ פאראנ אינ די קאָנסטיטוציעס פונ דער גרוזינישער ססר (ארטיקל 34) אונ פונ דער אזערבײַדזשאנישער ססר (ארטיקל 31).

* * *

אווטאָנאָמע געגנטן זײַנען אין פּססר פאראַן 9.

פון זיי: אין רספּסר — 6: די אדיגייער, ייִדישע, קאראטשאַיִשע, אָיראָ־טישע, באַקאַסישע, טשערקעסישע.

אין דער אזערבײַדזשאַנישער ססר — 1: די אווטאָנאָמע געגנט פון נאַגאָרנאָ־קאַראַבאַך.

אין דער גרוזינישער ססר — 1: די דראָמ־אָסעטישע.

אין דער טאַדזשיקישער ססר — 1: די באַרג־באַדאַכשאַנישע.

פאר די אווטאָנאָמע געגנטן איז גילטיק דער אַלגעמיינער פּרינציפּ ווענן די אָרטיקע אָרגאַנען פון דער מעלוכע־מאַכט, וואָס איז פאַרשריבן אינעם קאַפּיטל VIII פון דער קאָנסטיטוציע פון פּססר. דערבײַ גיבן די עקזיס־טירנדיקע געזעצן דער אווטאָנאָמער געגנט א ריי ספּעציעלע רעכט, וואָס אונטערשיידן זי פון א געוויינלעכער אַדמיניסטראַטיווער געגנט.

צווישן די דאָזיקע ספּעציעלע רעכט דאַרף מען אָנווײַזן דאָס רעכט פון דער אווטאָנאָמער געגנט אײַנצושטעלן די שפּראַך, אין וועלכער עס דאַרף געפירט ווערן די געשעפטפירונג אינעם מעלוכע־אַפּאַראַט, דער אונטעררִיכט אין די שולן; דעם אָנטייל פון דער אווטאָנאָמער געגנט אין שאַפן דעם אָרגאַן פון דער העכסטער מאַכט פון פּססר — דעם נאַציאָנאַליטעטן־ראַט, וווּהין די אווטאָנאָמע געגנטן שיקן צו 5 דעפּוטאַטן.

דער אָרגאַן פון דער מעלוכע־מאַכט פון דער אווטאָנאָמער געגנט איז דער ראַט פון די דעפּוטאַטן פון די אַרבעטנדיקע פון דער אווטאָנאָמער געגנט, וואָס ווערט אויסגעוויילט אויף צוויי יאָר לויט די פאָרשטייערשאַפט־נאָרמעס, וועלכע עס באַשטימט די קאָנסטיטוציע פון דער פאַרבאַנדישער רעפּובליק.

דער ראַט פון די דעפּוטאַטן פון די אַרבעטנדיקע פון דער אווטאָנאָמער געגנט נעמט אָן דעם „רעגלאַמענט פון דער אווטאָנאָמער געגנט", וואָס דיסקאָנטירט אירע נאַציאָנאַלע באַזונדערקייטן. דער „רעגלאַמענט" ווערט באַשטעטיקט דורכן אויבער־ראַט פון דער פאַרבאַנדישער רעפּובליק.

דער אויספיר־ און פאַראָרדענונג־אָרגאַן פון דעם ראַט פון די דעפּו־טאַטן פון די אַרבעטנדיקע אין דער אווטאָנאָמער געגנט איז דער אויס־פיר־קאָמיטעט, וועלכן דער ראַט וויילט אויס.

* * *

נאַציאָנאַלע קרײַזנ איז אינ פּססר פּאַראַנ 10. זײ געפינענ זיכ אַלע אַפּ דער טעריטאָריע פונ רספּסר, צום גרעסטנ טײל — אינ די צאָפּנ־ראַיאָנענ, װאָס װערנ באַדינט דורכ דער הױפּט־פּאַרװאַלטונג פונעם צאָפּנדיקנ ים־װעג.

דער קאָריאַקישער אונ טשוקאָטישער נאַציאָנאַלע קרײַזנ געפינענ זיכ אינ דער קאַמטשאַטקער געגנט פונ כאַבאַראָװסקער קאַנט; דער טײַמירער (דאָלגאַניש־נענעצישער) אונ עװענקישער — אינ קראַסנאָיאַרסקער קאַנט; דער כאַנטי־מאַנסיער אונ יאַמאַליש־נענעצישער — אינ אָמסקער געגנט; דער אַגינער בוריאַט־מאָנגאָלישער — אינ טשיטאַער געגנט; דער אוסט־אָרדאַער בוריאַט־מאָנגאָלישער — אינ אירקוטסקער געגנט; דער קאָמי־פּערמיאַקישער — אינ מאָלאָטאָװער געגנט, דער נענעצישער — אינ אַרכאַנגעלסקער געגנט.

אינ אַדמיניסטראַטיװער הינזיכט פאַרנעמענ די נאַציאָנאַלע קרײַזנ אַ מיטל־לאַגע צװישנ אַ געגנט אונ אַ ראַיאָנ.

די ראַטנ פונ די דעפּוטאַטנ פונ די אַרבעטנדיקע פונ די נאַציאָנאַלע קרײַזנ אונ זײערע אויספיר־קאָמיטעטנ פאַרװירקלעכנ אַפּ חער טעריטאָריע פונעם קרײַז די רעכט אונ פליכטנ, װעלכע װערנ אַפּ זײ אַרופגעלײגט דורכנ „רעגלאַמענט װעגנ די נאַציאָנאַלע קרײַזנ“. דער „רעגלאַמענט“ װערט אײַנגעשטעלט דורכנ אויבער־ראַט פונ רספּסר אונ אויכ דורכ די באַשלוסנ פונעם אַנטשפּרעכיקנ קאַנטישנ (געגנטלעכנ) ראַט פונ די דעפּוטאַטנ פונ די אַרבעטנדיקע.

צום אונטערשײד פונ אַ געװײנלעכנ אַדמיניסטראַטיװנ קרײַז באַטײליקנ זיכ די נאַציאָנאַלע קרײַזנ אינ שאַפנ דעם אָרגאַנ פונ דער העכסטער מאַכט פונ פּססר — דעם נאַציאָנאַליטעטנ־ראַט, זײ שיקנ אינ אים צו אײנ דעפּוטאַט פונ יעדנ נאַציאָנאַלנ קרײַז. דער מאַכט־אַפּאַראַט פונעם נאַציאָנאַלנ קרײַז בויט זיכ אַפּ אַזאַ אויפנ, אַז די באַפעלקערונג פונעם נאַציאָנאַלנ קרײַז זאָל װאָס ברײטער אַרײַנגעצויגנ װערנ אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג, דערבײַ װערט אַלס באַזע אויסגענוצט די מוטערשפּראַכ אונ עס װערנ דיסקאָנטירט די אָרטיקע באַזונדערקײַטנ.

די אָרגאַניזירונג פֿון די נאַציאָנאַלע קרײַזן באַוויזט, ווי די ראַטנמאַכט זאָרגט וועגן יעדער פֿעלקערשאַפֿט, אַפֿילו וועגן דער סאַמע קלײנינקער.

וואָס האָבן פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אין דער פֿאַרגאַנגענהײט די פֿעל־קער פֿון צאָפֿן? דאָס זײַנען געווען שוואַטים, וואָס האָבן געלעבט אין שטאַמען און פּאַטריאַרכאַלע מישפּאָכעס. די סאָכרים, גאַלאָכים, פּאָליציי־לײַט און משׂינאָווניקעס האָבן זײ ביטער עקספּלואַטירט. דאָס זײַנען געווען פֿעלקער קימאַט דורכויס אַנאַלפֿאַבעטישע, אָן אן אײגענער שריפֿט, זײ האָבן נית געוווּסט, וואָס דאָס הײסט א שול און א שפּיטאָל. דאָס האָט זײ ביפֿלעכווײַז דערפֿירט צו דעגענעראַציע און צו אויסשטאַרבונג.

בלויז די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע האָט געראַטעוועט די דאָזיקע פֿעלקער פֿון אומקום. די ראַטנמאַכט האָט פֿאַרטריבן די עקספּלואַטאַטאָרן, האָט אָרגאַניזירט די קאָאָפּעראַציע און קאָלווירטן. עס זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן נאַציאָנאַלע קרײַזן, וואָס נעמען ארום אַף א קאָלאָסאַלער טערי־טאָריע אָפּטמאָל זײער א שיטערע באַפֿעלקערונג, דערבײַ א באַפֿעלקערונג, וואָס איז אין נאַציאָנאַלער הינזיכט נית אײנאַרטיק. דער קאָריאַקישער נאַ־ציאָנאַלער קרײַז, אשטײגער, נעמט ארום אַף א טעריטאָריע פֿון 310,8 טויזנט קוו. קמ. סאַכאַקל 12.500 מאַן באַפֿעלקערונג, וואָס באַשטײט פֿון נימילאַנער, איטעלמענער, עווענקן אאַ.

דער מעלוכע־אַפּאַראַט פֿון די צאָפֿן־פֿעלקער ווערט פֿאָרמירט פֿון דער גרונט־באַפֿעלקערונג. עס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן שולן, שריפֿט פֿאַר באַזונ־דערע פֿעלקער, א נעץ פּאָליטופּקלער־אינסטיטוציעס (קולטור־הײַזער, לײענ־שטיבלעך, באַוועגלעכע קינאָ־אינסטאַליאַציעס), א נעץ אנשטאַלטן פֿאַר געזונט־פֿאַרהיטונג (שפּיטאָלן, מעדיצינישע צירקלען, פֿעלדשעריש־אקושע־רישע פּונקטן).

עס ווערן ארויסגעלאָזט לערנביכער, קינסטלערישע ליטעראַטור, צײַטונ־גען אַף די שפּראַכן פֿון די צאָפֿן־פֿעלקער. אַף צוצוגרײטן נאַציאָנאַלע קאַדרען זײַנען געשאַפֿן געוואָרן פּעדאַגאָגישע טעכניקומען, סאָוופּאַרטשולן, דער אינסטיטוט פֿון די צאָפֿן־פֿעלקער אין לענינגראַד.

דער צאָפֿן האָט אופֿגעלעבט אויך אין ווירטשאַפֿטלעכער הינזיכט: נאָך דעם, ווי עס איז אײַנגעשטעלט געוואָרן דער צאָפּנדיקער יאַם־וועג, פֿאַר־שטאַרקט זיך די נאַוויגאַציע איבער די טײַכן, דער לופֿט־טראַנספּאָרט, די

האדזיִאָ=פּאַרבינדונג. עס זײַנענ אויסגעבויט געוואָרנ נײַע שטעט מיט גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ, עס ווערנ געבויט פאָרטנ, שיפרעמאָנט=זאַוואָדנ אאַוו.

דער יאַמאַלאָ=נענעצישער קרײַז, אשטייגער, נעמט אַרומ א שעטעכ פונ 633,6 טויזנט קוו. קמ. אונ פאַרמאָגט בא 35 טויזנט באַפעלקערונג. זײַנ צענטער סאַלעהאַרד, וואָס געפינט זיכ אפ יענער זײַט פּאָליאַר=קרײַז, איז איצט געוואָרנ אַנ אינדוסטריעלער אונ קולטורעלער צענטער; דאָ זײַנענ אויסגעבויט: א גרויסער קאָנסערוו=קאָמבינאַט, א זעגמיל, צוויי ציגל=זאַוואָדנ, צוויי פישפאַנג=פּלעצער אונ אַנדערע אונטערנעמונגענ. קימאַט א פערטכיילעק באַפעלקערונג לערנט זיכ אינ לערנ=אַנשטאַלטנ, צווישנ וועלכע עס איז פאַראַנ: א פּעדאַגאָגישע שול, א הירשנציכטלערישער טעכניקומ, דרײַ מיטלשולנ אונ א סאָוועטיש=פּאַרטייִשע שול. כוץ דעמ איז פאַראַנ א הויז פונעמ נענעצ, צוויי קלובנ, א ביבליִאָטעק, א קינאָ אונ אַנדערע קולטור=אַנשטאַלטנ. פריִער זײַנענ אינעמ גאַנצנ קרײַז געווענ צוויי פעלדשערס, איצט איז אויסגעבויט א נײַער שפּיטאָל, וועלכנ עס באַדינענ 16 דאָקטוירימ, אאַוו.

באַגלײַכ מיט דעמ, ווי עס ווערט רעאָרגאַניזירט דער צאָפנ, רעאָרגאַניזירט זיכ אויכ די ווירטשאַפט פונ די צאָפנ=פעלקער אפ נײַע, וויסנשאַפטלעכ=טעכנישע יעסוידעס. די צאָפנ=פעלקער ווערנ אַרײַנגעצויגנ אינעמ אַלגעמײנעמ אינדוסטריעלנ אויפשטײַג, באַקומענ א קוואַליפיקאַציע אינ די סאָציִאַליסטישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ אונ אינ דער נײַער לאַנדווירטשאַפט.

* * *

די אײַנאָרדענונג פונ די נאַציִאָנאַליטעטנ אינ דער סאָציִאַליסטישער מעלוכע ווערט ניט אויסגעשעפּט דערמיט, וואָס עס ווערנ געשאַפנ פאַרבאַנדישע אונ אווטאָנאָמע רעפּובליקנ, אווטאָנאָמע געגנטנ אונ נאַציִאָנאַלע קרײַזנ. די מיליאָניקע מאַסנ פונ די נאַציִאָנאַלע מינדערהײַטנ האָבנ באַקומענ א מעגלעכקײַט אויסצונוצנ די אַנטוויקלונג פונ זייער נאַציִאָנאַלער קולטור לעטוויוועס דער סאָציִאַליסטישער בויונג.

דער בונטער עטנאָגראַפישער באַשטאַנד פון די צעשטויבטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, די פאַרשיידנאַרטיקייט אין די ווירטשאַפטלעכע פאָרמאַציעס, די פילשפּראַכיקייט, דער מאַנגל אין קולטור־קרעפטן אאַז״וו. — דאָס אַלץ האָט גבראַכט, אַז אין דער ערשטער צייט איז אויסגעקומען בײַצוקומען קאָלאָסאַלע שוועריקייטן באַם אַרײַנציִען די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער בויונג. די ראַטנמאַכט האָט געלייזט די דאָזיקע ביז גאָר קאָמפּליצירטע פּראָגע דערמיט, וואָס זי האָט דיסקאָנטירט די באַזונדערקייטן פון דער אַרבעט צווישן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן קעדיי אויפצוהייבן זייער ווירטשאַפט און קולטור.

פּסח איז די איינציקע אין דער וועלט מעלוכע־סיסטעם, וואָס באַזירט זיך אויף דער פרייוויליקער צענטראַליזאַציע פון אַלע וויכטיקסטע צווייגן פון דער מעלוכע־פאַרוואַלטונג. דער דאָזיקער דעמאָקראַטישער צענטראַליזם איז פּונקט דער היפּעך פונעם האַרצלאָזן ביוראָקראַטישן צענטראַליזם פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס רעכנט זיך ניט מיט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס שטיקט און דריקט יעטווידע אָרטיקע איניציאַטיוו.

דער דעמאָקראַטישער צענטראַליזם — דאָס איז אַ קאָמבינירונג פון צענטראַליזאַציע מיט אַ מאַקסימאַל מעגלעכער שעפערישער איניציאַטיוו און זעלבסטשטענדיקייט פון די ערטער, דערבײַ ווערט אומבאַדינגט דיסקאָנטירט זייער גאַנצע פאַרשיידנאַרטיקייט, באַזונדערס די נאַציאָנאַלע פאַרשיידנאַרטיקייט.

דער דעמאָקראַטישער צענטראַליזם פאָדערט צענטראַליזירונג אין די ... יקע און וויכטיקסטע פראַגן, ווי פראַגן פון מילכאָמע, אויסערן־פּאָליטיק, ווירטשאַפט, פינאַנסן, טראַנספּאָרט אאַ. דער דעמאָקראַטישער צענטראַליזם פאָדערט מאַקסימאַלע צענטראַליזירונג אויך אין דער גאַנצער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט לויט איין אַלגעמיינעם מעלוכע־פּלאַן. דער פּלאַן שטרעבט וואָס פולער אַרומצונעמען די פּראָדוקציע פון אַלע רעפּובליקן, קעדיי זי צו פאַרבעסערן, קעדיי וואָס שפּאָרזאַמער אויסצונוצן אַלע מאַטעריעלע רעסורסן פונעם לאַנד און שנעל אויספילן די אַלגעמיינע מעלוכע־אויפגעבונגען. דער דעמאָקראַטישער צענטראַליזם שליסט אָבער קלאָל ניט אויס די זעלבשטענדיקייט פון די ערטער אין אויספילן די אַלגעמיינע מעלוכע־פּלענער. פאַרקערט, ער שטרעבט אויפצוּוועקן און צו אַנטוויקלען די

שעפערישע זעלבסטטעטיקייט פון די פּאָלקסמאַסן, וואָס אונטערשיידן זיך צווישן זיך מיט זייער שפּראַך, שטייגער און עקאָנאָמיק.

„מיטן דעמאָקראַטישן און סאָציאַליסטישן צענטראַליזם — האָט געשריבן לענין — האָט גיט קיין שום געמיינזאַמס ניט דאָס שאַבלאָניזירן, ניט דאָס אײַנשטעלן אַן אייגאַרטיקייט פון אויבן. די איינהייט איז דעם גרונטיקן, אין דעם איקערדיקן, אין דעם וועזנטלעכן ווערט ניט געבראָכן, נאָר ווערט געזיכערט מיט דער פילאַרטיקייט אין די דעטאַלן, אין די אָרטיקע באַזונדערקייטן, אין דעם אויפן פון צוגייג צום איניען, אין די מעטאָדן פון פאַרווירקלעכן דעם קאָנטראָל...“[1].

„דער דעמאָקראַטישער צענטראַליזם — שרײַבט אין א צווייטן אָרט לענין — איז ניט נאָר, וואָס ער שליסט ניט אויס די אָרטיקע זעלבסטפאַרוואַלטונג און די אויטאָנאָמיע פון די געגנטן, וואָס צייכענען זיך אויס מיט ספּעציפישע ווירטשאַפטלעכע און שטייגערישע באַדינגונגען, מיט א ספּעציפישן נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג אדג., נאָר פאַרקערט, ער פאָדערט אומבאַדינגט אי דאָס, אי יענץ“[2].

די פּרינציפּן פון דעמאָקראַטישן צענטראַליזם זײַנען דער יעסאָד פון דער סאָוועטישער מעלוכע-אײַנאָרדענונג. דער דעמאָקראַטישער צענטראַליזם גיט די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען די מעגלעכקייט זיך צו באַנוצן מיט די אמערסטן צוגעפּאַסטע פאַרשטענדלעכע פאַר דער באַפעלקערונג מיטלען און וועגן אָפּ צו פאַרווירקלעכן די צילן, וואָס שטייען פאַר די דאָזיקע ראַיאָנען און פאַרן גאַנצן איינגאַנצן געגנט. דער דעמאָקראַטישער צענטראַליזם פירט אַרויס דערמיט גופע די מאַסע פון דעם ענגן קרײַז באַגרענעצטע אָרטיקע אינטערעסן, פעסטיקט די פרײַוויליקע געמיינזאַמקייט און סאָלידאַרישקייט פונעם גאַנצן סאָוועטישן פילנאַציאָנאַלן פאָלק אין דער בויונג פונעם סאָציאַליזם.

דער סאָוועטישער דעמאָקראַטישער צענטראַליזם פאָדערט אָבליגאַטאָרישע געוויילטקייט פון אלע מאַכט-אָרגאַנען, די ברייטע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די דאָזיקע אָרגאַנען לעגאַבע די ארבעטנדיקע. ער פאָדערט אויך

---

[1] לענין, ב. XXII, זײַט 166.
[2] לענין, ב. XVII, זײַט 155.

אז די נידעריקערע אָרגאַנען זאָלן אומבאַדינגט אויספילן די באַשלוסן פון די העכערע אָרגאַנען.

דער וועג פון קאַמף און זיגן, וועלכן עס זײַנען דורכגעגאַנגען די אַרבעטנדיקע פון אַלע סאָוועטישע פעלקער, האָט פאַרפעסטיקט יענע „...מערקווירדיקע אָרגאַניזאַציע פון דער מיטאַרבעט פון פעלקער, וועלכע הייסט פאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקן און וועלכע איז אַ לעבעדיק פאַרבילד פון דער צוקונפטיקער פאַראייניקונג פון די פעלקער אין אַן אײנהײטלעכער וועלט־ווירטשאַפט“ [1].

## די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע — די פאָן פון דער ברידערלעכער פרײַנטשאַפט צווישן די פעלקער

די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע איז אַ מערקווירדיקער דאָקומענט פונעם ברידערלעכן פאַרבאַנד פון די סאָוועטישע פעלקער, וואָס האָט זיך פאַרפעסטיקט אויפן באָדן, וועלכער איז ריין פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע.

פאַרווירקלעכנדיק די לענין־סטאַלינישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, האָט די דיקטאַטור פונעם אַרבעטער־קלאַס אַרײַנגעהויבן אין די פריִער אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן גלויבן אין זייערע קרעפטן און פייִקייטן; זי האָט אויפגעוועקט אין זיי לעבנס־ענערגיע; האָט געבראַכט אין באַוועגונג די שעפערישע פּאָטענצן פון די פילמיליאָניקע מאַסן אַרבעטנדיקע, וואָס אונטערשיידן זיך צווישן זיך מיט שפּראַך, שטייגער, קולטור און עקאָנאָמיק; זי האָט זיי באַהעפט אין אַ גלײַכבאַרעכטיקטער פעלקער־משפּחה.

די ווירקלעכע געשיכטע פון אַ סאַך שוואַכע, אין דער פאַרגאַנגענהייט אונטערדריקטע פעלקער הייבט זיך אָן בלויז פון דעם מאָמענט אָן, ווען עס האָט געזיגט די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער־רעוואָלוציע.

„אויפטרייסלענדיק די טיפסטע נידערשיכטן פון דער מענטשהייט און אַרויסשטויסנדיק זיי אויף דער פּאָליטישער סצענע, — האָט געזאָגט כאַווער

[1] סטאַלין, מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע, ז. 191—192. גאָספּאָליטיזדאַט, 1939 י.

סטאַלין וועגן דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, — וועקט זי אויף צום נײַעם לעבן א גאַנצע רײ נאַציאָנאַליטעטן, וואָס זײַנען פֿריִער געווען אומ־באַקאַנט אָדער ווייניק באַקאַנט"[1].

די רעפֿאָרמיסטישע אַגענטן פֿונעם קאַפּיטאַליזם, וועלכע פֿלעגן אָפּלעקנען א ביינדל אפֿן כעזשבן פֿון דער עקספּלואַטאַציע פֿון די קאָלאָניאַלע פֿעל־קער, האָבן נאָך גאָר ניט לאַנג „געוויינט געזאָגט" וועגן דעם אומקום פֿון א סאַך פֿעלקער פֿון רוסלאַנד. קאַוטסקי, צום בײַשפּיל, האָט בײַם דער־ערשטער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע געטײַנעט, אַז „פֿון די 142 נאַציאָ־נאַליטעטן, וואָס רוסלאַנד ציילט קלוימערשט, וועלן זיכער ניט אַלע אַנטוויקלען אין מאָדערנע נאַציעס, די מערהײַט פֿון זיי, ווי אשטייגער, די אַבכאַזינער, וואָגולן, טשערעמיסן, קאַלמיקן, סאַמאָיעדן און אַנדערע, וועט אווועק מיטן וועג פֿון די באַסקן און ברעטאָנער".

אצינד לעבן איבער די אָסעטינער, וואָגולן, מאַריער, נענעצעס, פּונקט ווי אַלע פֿעלקער פֿון אונדזער לאַנד, א ניט געהערטן אויפֿבלי פֿון זייער עקאָנאָמיק און קולטור אפֿן יעסאָד פֿון דער סאָוועטישער מעלוכע־אײַנאָרדענונג.

די גאַנצע וועלט זעט, ווי הויך עס איז אויפֿגעהויבן די ווירדע פֿון יעט־ווידער נאַציע אין ססר"ר, פֿאַרקערט, ווי דערנידעריקט עס ווערן די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

בלויז אין דער סאָציאַליסטישער מעלוכע „...האָבן זיך די פֿעלקער פּאַ־ריער, די פֿעלקער שקלאַפֿן צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהײַט אויפֿגעהויבן ביז דער לאַגע פֿון פֿעלקער, ווירקלעך פֿרײַע און ווירקלעך גלײַכע, אָנשטעקנדיק מיט זייער בײַשפּיל די אונ־טערדריקטע פֿעלקער פֿון גאָר דער וועלט"[2].

מיט גאָלדענע אויסיעס זײַנען פֿאַרשריבן אין דער סטאַלינישער קאָנ־סטיטוציע (אַרטיקל 123) די געזעצגעבערישע גאַראַנטיעס פֿון דער גלײַכ־באַרעכטיקונג פֿאַר אַלע אָן אויסנאַם בירגער פֿון ססר"ר.

„יעטווידע דירעקטע אָדער אומדירעקטע באַגרענעצונג פֿון די רעכט אָדער, פֿאַרקערט, אײַנשטעלונג פֿון דירעקטע אָדער אומדירעקטע פּריווילע־

[1] סטאַלין, פּראָבלעמען פֿון לעניניזם, ז. 137, 9־טע אויפֿלאַגע.

[2] סטאַלין, מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פֿראַגע, ז. 243, גאָס־פּאָליטיזדאַט, 1939 י.

ניעם פאר בירגער אָפּהענגיק פונ זייער ראסעווער אונ נאציאָנאלער אָנגע־
העריקײַט, ווי אויב יעדע פּריידיקונג פונ ראסעווער אָדער נאציאָנאלער
אויסנעמלעכקײַט אָדער האס אונ ביטל—ווערנ באשטראָפט דורכנ געזעץ".
א געזעץ פונ דער קאָנסטיטוציע איז אויב דאָס רעכט אפ בילדונג אפ
דער מוטערשפּראב (ארטיקל 121).
אינ פססר איז פארווירקלעכט די סאמע אינטערנאציאָנאלע פאָרמ פונ
מאכט. 16 פארבאנדישע סאָוועטישע רעפּובליקנ, וואָס פאראייניקנ 20 אוי־
טאָנאָמע רעפּובליקנ, 9 אווטאָנאָמע געגנטנ, 10 נאציאָנאלע קרײַזנ (אויסער
די קאנטנ אונ אדמיניסטראטיווע געגנטנ), — דאָס איז אנ איינהײַטלעכער
אײַזנפעסטער ברידערלעכער פארבאנד, אנ איינהײַטלעכע מעלוכע, אנ איינ־
הײַטלעכ פאָלק, א פאָלק אָנ קאפּיטאליסטנ עקספּלואטאָרנ, א פאָלק א
באלעבאָס אינ זײַנ מעלוכע.
דער ארבעטנדיקער פונ יעדער נאציאָנאליטעט אינ שטאָט, אינ דאָרפ,
אינ די בערג, אינ סטעפּ, אינ אאול איז שטאָלצ מיטנ באוווסטזײַנ, אז ער
איז א גלײַכבארעכטיקטער בירגער פונ דער גרויסער סאָציאליסטישער
פארבאנדישער מעלוכע, וואָס האָט געזיכערט דעמ וווּקס פונ דער פּערזענ־
לעכער אונ נאציאָנאלער פרײַהײַט, וואָס האָט אָנשטאָט דעמ פריערדיקנ
טאָפּטשענ זיב אפ איינ אָרט געבראכט סאָציאליסטישנ פּראָגרעס, האָט
צעקלאפּט די קייטנ פונ דורעסדיקנ יאָב.
די גלײַכבארעכטיקונג פונ די נאציאָנאליטעטנ קומט צומ אויסדרוק
אויב אינ דער סטרוקטור פונ די העכסטע מאכט־אָרגאנענ אינ דער סאָ־
וועטישער מעלוכע. דאָס, וואָס אינ דעמ העכסטנ געזעצגעבערישנ אָרגאנ
פונ פססר איז פאראנ דער נאציאָנאליטעטנ־ראט, איז אנ אויסדרוק פונ
דער סאָוועטישער דעמאָקראטיע, ווו די געזעצגעבונג גייט ניט בלויז
פונ די אלגעמיינע אינטערעסנ פונ די ברייטע מאסנ ארבעטנדיקע פונעמ
גאנצנ פארבאנד, נאָר אויב פונ די באזונדערע, ספּעציפישע אינטערעס־
פונ יעדער נאציאָנאליטעט.
דער נאציאָנאליטעטנ־ראט — איז די איינציקע אינ דער וועלט געזעצ־
געבערישע פּאלאטע, וואָס איז אָרגאניזירט לויטנ נאציאָנאלנ פּרינציפּ,
וואָס גאראנטירט די גלײַכהײַט פונ די נאציעס אונ די באפרידיקונג פונ
זייערע נאציאָנאלע באדערפענישנ.

דער נאַציאָנאַליסטן־ראַט — דאָס איז די סאַמע אינטערנאַציאָנאַלע פּאַלאַטע אין דער וועלט!

די סאָוועטישע וואַל־סיסטעם, וואָס איז בוילעט אויסגעדריקט אין דעם קאַפּיטל XI פון דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע, אין די קאָנסטיטוציעס פון די פאַרבאַנדישע און אויטאָנאָמע רעפּובליקן און אין די וואַל־געזעצן פון די פאַרבאַנדישע און אויטאָנאָמע רעפּובליקן,— די דאָזיקע וואַל־סיסטעם האָט ניט געהאַט און האָט ניט לויט איר דעמאָקראַטישן מאָס קיין גלײַכן צו זיך אין דער גאַנצער וועלט.

די סאָוועטישע וואַל־סיסטעם ווייסט ניט פון קיין שום באַגרענעצונגס־צענזן, ניט לויטן פאַרמעגן, ניט לויט דער בילדונג, ניט לויט דער אײַנגעזעסנקייט. זי גיט גלײַכע וואַלרעכט מאַנצבילן, פרויען און מיליטער־לײַט. אין פּסח האָבן וואַלרעכט אַלע בירגער, וואָס זײַנען אַלט געוואָרן 18 יאָר, אויס מעשוגאָים און פּערזאָנען, וואָס זײַנען דורכן געריכט פאַרמישפּעט געוואָרן צום פאַרלירן די וואַלרעכט.

דאָס סאָוועטישע וואַלרעכט איז אַן אָרגאַניש רעכט פון אַלע אַרבעטנדיקע, אומאָפּהענגיק פון זייער ראַסעווער און נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקײַט. דערמיט אונטערשיידט עס זיך פונעם וואַלרעכט פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דאָרט ווערט דאָס וואַלרעכט אויסגענוצט דעריקער אַלס רעכט פון דער הערשנדיקער נאַציע. דאָרט טרעט מען מיט די פיס די רעכט פון די שוואַכע און אונטערדריקטע נאַציעס.

דער ציל פון דער גאַנצער סאָוועטישער וואַל־סיסטעם איז, אַז רעכענענדיק זיך מיט די אָרטיקע באַדינגונגען, זאָל די פּילנאַציאָנאַלע אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג וואָס ברייטער אַרײַנגעצויגן ווערן אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. די וואַל־ביולעטענען ווערן געדרוקט אויף די שפּראַכן פון דער באַפעלקערונג פון דעם אַנטשפּרעכיקן וואַל־קרײַז.

די קאָנסטיטוציעס פון אייניקע דאָרעם־שטאַטן פון פּשא שטעלן אַרויס צום ווײַלער די פאָדערונג „ריכטיק ענטפערן“ אויף די פראַגן לויט דער קאָנסטיטוציע. אַזאַ „עקזאַמען“ ווערט דורכגעפירט, קעדײַ צוצונעמען דאָס וואַלרעכט בײַ דער אָרעמער, קולטורעל אָפּגעשטאַנענער נעגרישער באַפעלקערונג.

ניט מיט דער הילף פון אַזוינע „עקזאַמענס“ דערגרייכט מען אין

פססר, אז די באפעלקערונג זאָל שטודירן און קענען די קאָנסטיטוציע; מע דערגרייכט עס דורך אָרגאַניזירן אַ ביז גאָר ברייטע פּראָפּאַגאַנדע פון דער קאָנסטיטוציע אין די מוטערשפּראַכן פון די פעלקער פון פססר.

קיין איין לאַנד אין דער וועלט ווייסט נישט פון אַזאַ אַקטיווקייט פון די וויילער, ווי עס האָבן באַוויזן די סאָוועטישע בירגער בייַם די וואַלן אין נעם אויבער-ראַט פון פססר, אין די אויבער-ראַטן פון די פאַרבאַנדישע און אויטאָנאָמע רעפּובליקן און אין די אָרטיקע אָרגאַנען פון דער מעלוכע-מאַכט פון פססר. צו קיין איין געוויילטער אינסטיטוציע אין דער וועלט באַציט זיך נישט דאָס פאָלק מיט אַזאַ צוטרוי, ווי צו די העכסטע מאַכט-אָרגאַנען פון פססר.

דערמיט, וואָס דאָס פילמיליאָניקע סאָוועטישע פאָלק האָט אויסגעוויילט די קאַנדידאַטן פונעם בלאָק פון די קאָמוניסטן און אומפּאַרטייִשע, האָט עס באַוויזן זיין ווילן ווייטער צו אַרבעטן איבערן פאַרפעסטיקן די מעכטיקייט פון זיין סאָציאַליסטישער מעלוכע. עס האָט אויך באַוויזן זיין צוטרוי צו דער פּאַרטיי, וואָס באַגייסטערט דאָס סאָוועטישע פאָלק צו שעפערישער בוינגס-אַרבעט, זיין ליבע צום פירער — צום כאַווער סטאַלין, דעם שעפער פון דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע, וואָס אונטער זיין קלוג-שאַפעלעכער אָנפירונג גייט דאָס ראַטנלאַנד פון זיג צו זיג.

דער דעמאָקראַטישער כאַראַקטער פון די וואַלן אין פססר דריקט זיך אויס אויך דערין, וואָס יעדע פאַרבאַנדישע און אויטאָנאָמע רעפּובליק, יעדע אויטאָנאָמע געגנט און נאַציאָנאַלער קרייַז, זיכערן אין זייערע טעריטאָריעס די סאַמע דעמאָקראַטישע אויסבילדונג פון די וואַל-באַצירקן, רעכענענדיק זיך מיט די אָרטיקע, ביפּראַט מיט די נאַציאָנאַלע באַזונדערקייטן.

דער וווּקס און די אַנטוויקלונג פון די פאַרבאַנדישע און אויטאָנאָמע רעפּובליקן, די פריינטשאַפט און סאָלידאַרישקייט פון אַלע פעלקער פון פססר באַווייזן דער גאַנצער וועלט, ווי-אַזוי די דיקטאַטור פונעם אַרבעטער-קלאַס אָרגאַניזירט די ברידערלעכע מיטאַרבעט פון די פעלקער אויף די יסודות פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם.

אַלע פעלקער פון אונדזער לאַנד פאַרשטייען די מיינונג פון דער איינ-הייטלעכער גרויסער סאָציאַליסטישער מעלוכע, וואָס פאַרמאָגט אומויס-שעפּלעכע מאַטעריעלע רעסורסן.

אונדזער לאַנד האָט אַלע מיניט רעוואָלטן, הייצוואַרג, דערנערונג און אַנדערע נאַטירלעכע רײַכטימער. אָבער בלויז די ראַטנמאַכט האָט זיך גע-נומען ראַציאָנעל פֿאַנאַנדערצואַרבעטן די האָזיקע אוצרות און מיט אומגע-הערטע טעמפּן אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד. אינעם פֿאַר-רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד איז מען אינעם פֿאַנאַנדעראַרבעטן די נאַטור-רײַכטימער אַרויס-געגאַנגען, אין דער ערשטער רײ, פֿון די אינטערעסן פֿון דעם קאַפּיטאַ-ליסטס רעווח. איצט ווערט די פֿאַנאַנדעראַרבעטונג געפֿירט אַזוי, אַז עס זאָל שטײַגן דער ווילשטאַנד פֿון די אַרבעטנדיקע, אַז דער גאַנצער פֿאַרבאַנד און יעדע סאָוועטישע רעפּובליק באַזונדער זאָל שטײַגן אין קולטור-עקאָנאָ-מישער הינזיכט און דערגרייכן ביז גרעסטן אויפֿבלי.

וואָס האָבן פֿאַרגעשטעלט מיט זיך אין דער פֿאַרגאַנגענהײט די פּראָ-לעטאַריער אין רוסלאַנד? געפּײַניקטע דורך דער עקספּלואַטאַציע אין דער קאַפּיטאַליסטישער פֿאַבריק, האָבן זיי געלעבט אין גרויס דאַלעס און דאַכ-קעס. פֿאַר זייער אַרבעטס-טאָג, וואָס האָט געדויערט ביז 10—11 שעה און מער, פֿלעגן זיי באַקומען דורכשניטלעך בא 20 רובל א כוי-דעש. עס האָט אָפּ זיי קעסיידער געלויערט אַרבעטסלאָזיקייט, אייביקע מוירע פֿאַרן מאָרגעדיקן טאָג.

וואָס האָט פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אין דער פֿאַרגאַנגענהײט דער פּויער? ער איז געווען אין קנעכטשאַפֿט בא די פּריצים און באַלעגופֿים. אין די באַדינגונגען פֿון שווערער, אויסצערנדיקער אַרבעט אַפֿן שטיקעלע ערד מיט פּרימיטיווע אַרבעט-געצײַג (הילצערנער אַקער, סאָכע און קאָסוליע) האָט ער קיינמאָל ניט געוווּסט פֿון עסן צוזאַט, קיינמאָל ניט געוווּסט, וואָס הייסט זײַן געזעטיקט מיטן שטיקל ברויט.

גאָר אַן אַנדערער בילד איז איצט, נאָך דעם, ווי די אַרבעטנדיקע פֿון אַלע נאַציאָנאַליטעטן האָבן מיט געמיינזאַמע קויכעס ליקווידירט די עקס-פּלואַטאַטאָרישע קלאַסן. איצט זײַנען די אַרבעטנדיקע די באַלעבאַטים פֿון זייער לאַנד און גורל, און די פֿרייִדיקע סאָציאַליסטישע אַרבעט פֿאַרייניקט די אַרבעטנדיקע פֿון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין איין סאָציאַליסטישער מיש-פּאָכע.

„ניט די פֿאַרמעגנ-לאַגע, ניט די נאַציאָנאַלע אָפּשטאַמונג, ניט דער גע-שלעכט, ניט די אַמטלעכע לאַגע, נאָר די פּערזענלעכע פֿײַקײַטן און די פּערזענ-

לעבע ארבעט פון יעדן בירגער באשטימען זײַן לאגע אין דער געזעל־שאפט" [1].

וואָס זשע האָבן דערגרייכט די ארבעטנדיקע פון פססר? זיי האָבן דער־גרייכט דערצו, אז זייער סאָציאַליסטיש היימלאנד האָט עקאָנאָמיש און קולטורעל אויפגעבליט, זיי האָבן אף אייביק א סאָף געמאכט צו דער אר־בעטסלאָזיקײַט, זיי האָבן דעם קירצסטן ארבעטס־טאָג אין דער וועלט. אכוץ דעם קעסיידערדיקן וווּקס פון ארבעטלוין פארגרעסערט זיך דער בודזשעט פונעם ארבעטער דורך די יערלעכע אורלויבן, וועלכע ווערן באַ־צאָלט דורך דער מעלוכע, דורך דער שטיצע און די פענסיעס פון סאָציאַ־לער סטראכירונג, דורך דער אומזיסטער מעדיצינישער הילף אאוו.

און אונדזער פּילנאציאָנאַל פּויערטום? דאָס איז שוין ניט קיין קלאס קליינע פּראָדוצירער, ניט קיין שקלאפן פון קליין־אייגנטום, וואָס זײַנען עקספּלואטירט געוואָרן דורך די פּריצים, באלעגופים, בײַען, מאנאפּן, וווּכערניקעס און ספּעקוליאנטן. דער זיג פון דער קאָלווירטישער אָרדענונג האָט אוועקגעשטעלט דעם נעכטיקן פּויער אין א גאנץ נײַער לאגע. דער ווילשטאנד פונעם קאָלווירטישן פּויערטום וואקסט פון יאָר צו יאָר. און־טער דער אָנפירונג פונעם ארבעטער־קלאס און פון זײַן באָלשעוויסטישער פּארטיי זײַנען די קאָלווירטניקעס געוואָרן אקטיווע אָנטיילנעמער פון דער סאָציאַליסטישער בוויונג.

גרויס זײַנען אויך די קולטור־דערגרייכונגען פון די פעלקער פון פססר.

אין פססר זײַנען מער ניטאָ קיין אנטאגאָניסטישע קלאסן. די נאָך געבליבענע אונטערשיידן צווישן דעם קלאס ארבעטער און דעם קלאס פּויערים זײַנען ניט קיין גרונט־אונטערשיידן. דאָס זײַנען שוין ניט קיין קלאסן אינעם אלטן זין פון וואָרט, דאָס זײַנען נײַע קלאסן, וואָס די גרע־נעצן צווישן זיי ווערן אלץ מער אָפּגעווישט און ווערן צוזאמען מיט אונדזער ווײַטערדיקער באוועגונג און אנטוויקלונג אפן וועג צום קאָמוניזם.

די דאָזיקע אלע דערפאָלגן האָבן נאָך מער באהעפט די פעלקער פון פססר ארום דער פּארטיי פון לענין—סטאלין, האָבן געשאפן אן אײַזנפעס־טע מאָראליש־פּאָליטישע אייניקײַט פון די סאָוועטישע פעלקער.

[1] סטאלין, פראגן פון לעניניזם, ז. 553, מעלוכע־פארלאג „דער עמעס", 1941.

מאקע דערפאר, וואָס דער בײַשפּיל פון די ארבעטנדיקע פעלקער פון פּסםר דערמוטיקט און באַגײַסטערט די ארבעטנדיקע און אונטערדריקטע פון גאָר דער וועלט, שטרעבט די צווישנפעלקערלעכע רעאקציע מיט קאָנ־טערליי מיטלען אונטערצורײַסן די מעכטיקײַט פון פּסםר, פירט קעגן איר א פּראָוואָקאציע־פּאָליטיק.

אלס ענטפער אף די פּראָוואָקאציעס פון די אימפּעריאַליסטן פעסטיקן די פעלקער פון פּסםר נאָך מער זייער קעגנזײַטיקע פרײַנטשאפט.

„די פרײַנטשאפט צווישן די פעלקער פון פּסםר — האָט געזאָגט כאַווער סטאַלין — איז א גרויסע און ערנסטע דערגרייכונג. ווײַל כאָלזמאַן די דאָזיקע פרײַנטשאפט עקזיסטירט, וועלן די פעלקער פון אונדזער לאַנד זײַן פרײַ און אומבאַזיגבאר. קיינער איז אונדז ניט שרעקלעך, ניט די אינ־נערלעכע, ניט די אויסערלעכע סאָנים, כאָלזמאַן די דאָזיקע פרײַנטשאפט לעבט און קרעפטיקט זיך“.

די פעלקער פון פּסםר, וואָס זײַנען פול מיט פלאמיקן פּאטריאָטיזם און ליבע צו זייער סאָציאַליסטישן היימלאַנד, שפּירן וואכזאם נאָך די אימפּעריאַליסטישע פּראָוואָקאציעס. דער פּאטריאָטיזם פון דעם פילמיליאָ־ניקן סאָוועטישן פאָלק דולדעט ניט קיין שום אנטפּלעקונג פון שאָוויניזם. אלע פעלקער פון פּסםר באַגריסן די שאָלעם־פּאָליטיק, וועלכע עס פירן דורך די פּארטיי און די סאָוועטישע רעגירונג, ווײַל זי „...פּארטיידיקט דאָס לעבן פון די ארבעטער פון אלע לענדער, דאָס לעבן פון אלע אונטער־דריקטע און עקספּלואטירטע, זי באַשיצט די נאַציאָנאלע אומאָפּהענגיקײַט פון די קליינע נאַציעס, זי דינט די לעבנס־אינטערעסן פון דער מענטש־הײַט, זי פּארטיידיקט די קולטור מיצאַד דעם קריגס־באַרבאַריזם“[1].

אָבער צוזאַמען מיט זייער רויטער ארמיי זײַנען די פעלקער פון פּסםר גרייט צו דערלאַנגען א צעשמעטערנדיקן קלאַפּ די אלע, וואָס וועלן וואַגן אופהייבן א האַנט אף זייער פרידלעכער מי, אף זייער היימלאַנד, אפן לאַנד, וואָס זיי האָבן אויסגעקעמפט בא די קאַפּיטאַליסטן און פּריצים.

אָט דעם ווילן באַווײַזן די ארבעטנדיקע פון פּסםר אויך מיטן ארבעט־אופשטײַג, וואָס פּארשטאַרקט די שוצפייִקײַט פון דער סאָציאַליסטישער

---

[1] רעזאָלוציעס פונעם VII קאָנגרעס פון קאָמינטערן, ז. 29, 1935 י.

מעלוכע און שאפט פּאָרהאנאָכעס אפ צו דערגרייכן די שעפע, וואָס איז נייטיק, קעדיי בעהאדראָגעדיק אריבערצוגייען פון סאָצ:אליזם צום קאָמוניזם. אן אויסדרוק פונעם דאָזיקן ארבעט-אופשטײַג איז די אינ:יצ:אטיוו פונעם פראָפּארייענישן צענטער — פונעם פּלענום פון ווצספּס וועגן אריבערגיין צו אן 8-שאָ:יקן ארבעטס-טאָג און צו א 7-טאָגיקער וואָך. די סאָצ:אליס-טישע ארבעט-דיסציפלין שמידט זיך אויס אין פארביטערטן קאמפּ קעגן די געוווינהײַטן און איבערבלײַבעכצן, וואָס זײַנען געבליבן בעירושע פון דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט. די ארבעטנדיקע פון דער סאָצ:אליס-טישער מעלוכע פארשטייען, אז די ארבעט-דיסציפּלין איז איינע פון יענע גרונט-פראגן, וואָס פון לייזן זיי הענגט אָפּ די מעכטיקײַט און אומאָפּהענ-גיקײַט פונעם סאָצ:אליסטישן לאנד און די ווײַטערדיקע דערפאָלגן פון דער פאָרויסבאוועגונג צום קאָמוניזם.

די פעלקער פון פססר זײַנען צונויפגעשמאָלצן מיט געמיינזאמע שלאכטן קעגן די געמיינזאמע קלאסן-סאָנים, מיט געמיינזאמע זיגן, מיט געמיינזאמער סאָצ:אליסטישער ארבעט, מיט געמיינזאמען געפיל פון שטאָלץ פאר זייער לאנד, וואָס רופט ארויס אנציקונג בא דער גאנצער פּראָגרעסיטענער מענטשהײַט מיט זײַנע סאָצ:אליסטישע פאבריקן און זאַ-וואָדן, מיט זײַנע קאָלווירטן און ראטווירטן, מיט זײַנע פאנאנדערגעבליטע נאצ:אָנאַלע קולטורן און פּילצאָליקע קולטור-דעראָבערונגען.

מיטן לעבעדיקן בײַשפּיל פון זייער ברידערלעכער פרײַנטשאפט באווײַזן די פעלקער פון דער סאָצ:אליסטישער מעלוכע דער גאנצער אונטערדריק-טער מענטשהײַט דעם וועג וו:אזוי צו ראטעווען זיך פון קאפּיטאליסטישער קנעכטשאפט און עקספּלואטאציע, וו:אזוי צו באפרײַען זיך פון רעכטלאָ-זיקײַט און ווילקיר, פונעם שוידער פון די אימפּעריאליסטישע מילכאָמעס, פון דעם בארבאריזם, אָבסקוראנטיזם און פארווילדונג, פון דאלעס און הונגער, צו וועלכע די דיקטאטור פון דעם מאָנאָפּאָליסטישן קאפּיטאל פאַ-רורטיילט די פאָלקסמאסן.

דער דאָזיקער וועג איז דער וועג פון דער דיקטאטור פונעם ארבעי-טער-קלאס, וואָס שאפט און פארפעסטיקט די ברידערלעכע פרײַנטשאפט פון די ארבעטנדיקע פון אלע פעלקער.

---

ם קאָמוניזם.
ע פונעם

Цена 75 коп.

גאַנצער

И. ТРАЙНИН

# СОВЕТСКОЕ СОЦИАЛИСТИЧЕСКОЕ МНОГОНАЦИОНАЛЬНОЕ ГОСУДАРСТВО

ОГИЗ
Государственное издательство
„Дер Эмес" ★ Москва ★ 1941

88